געווידמעט דעם ליכטיגען
אָנדענק פון מיין מוטער

**ב ר אַ נ צ י**

**בת ר' יוסף וחנה נ"ע**

וועלכע האָט סימבאָליזירט
די שעהנקייט פון אידענטום.

# אינהאלט:


עטליכע ווערטער וועגן דעם פּראָפעסער ........ 11
אַלגעמיינער איבערבליק ........ 19
אמת און ליגען ........ 29
אויפריכטיגקייט און חנופה ........ 35
לשון הרע ........ 41
ליבשאַפט און פיינדשאַפט ........ 47
רחמנות און גרויזאַמקייט ........ 54
גמילות חסדים און פּראַצענט ........ 61
צדקה ........ 68
פאַרגינען און מקנא זיין ........ 76
אַכטען און באַליידיגען ........ 83
באַשיידענקייט און חוצפה ........ 89
געדולד און אויפרעגונג ........ 96
איינינקייט און צעשפּליטערטקייט ........ 103
בילדונג און איגנאָראַנץ ........ 110
לעהרער און פיהרער ........ 117
ארבייט, ארבייטער און ארבייטסגעבער ........ 124
דער סטאַטוס פון דער פרוי ........ 131
דעמאָקראַטיע ........ 140
קריג און פרידען ........ 147

„עבירות שבין אדם למקום
יום הכיפורים מכפר,
עבירות שבין אדם לחבירו
אין יום הכיפורים מכפר
עד שירצה את חבירו״.

(יומא פה, ב.)

זינד וואָס אַ מענש באַגעהט געגען גאָט
פאַרגיט יום הכיפור,
זינד וואָס איין מענש באַגעהט געגען צווייטען
פאַרגיט ניט יום הכיפור
סיידען ער בעט איבער דעם געקריוודעטען.

# עטליכע ווערטער וועגן דעם פּראָפעסער*)

אין דער וועלט פון חכמת ישראל, פון אידישער וויסענשאַפט, פונקט ווי אין אַנדערע וויסענשאַפטען, זיינען פאַראַן אַזוי צו זאָגן געוויסע ספּעציאַליסטען. אַ געלעהרטער ווידמעט זיך אַ געוויסען געביט, און אויסער זיין „פעלד" אינטערעסירט איהם כמעט גאָרניט. ער לעבט אין יענעם יאָהרהונדערט מיט וועלכען זיין ספּעציעל געביט באַשעפטיגט זיך, און אַפילו אַקטועלע, אַלטעגליכע פּראָבלעמען, אָדער גאָר מאָדערנע ליטעראַטור אינ־טערעסירען איהם ניט.

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ געוויסען פּראָפעסאָר, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַסיריש־באַבילאָנישער ליטעראַטור, צי ער לייענט אויך מאָדערנע ליטעראַטור, האָט ער געענטפערט: „געוויס, אָט האָב איך נאָר וואָס איבערגעלייענט יוזעפוס'עס געשיכטע פון די אידען".

פאַרשטעהט זיך, אַז אין פאַרגלייך מיט דער זעהר אַלטער אַסיריש־באַבילאָנישער ליטעראַטור איז די קנאַפּע צוויי טויזענט יאָהר אַלטע געשיכטע פון יאָזעפוס — אַ מאָדערנע ווערק.

פאַראַן, אָבער, אידישע געלעהרטע, ספּעציעל צווישען די אינגערע, וואָס ניט קוקענדיג אויף זייערע ספּעציעלע וויסענ־שאַפטליכע געביטען, אינטערעסירט זיי אַלץ וואָס קומט פאָר אין אידישען לעבען. זיי קענען זיך ניט באַנוגען מיט אָפּשליסען זיך אין די ביבליאָטעקען און אַרויסגעבען וויסענשאַפטליכע ווערק, ווי וויכטיג זיי זאָלען ניט זיין פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אידי־שען פאָלק. זיי אינטערעסירט אַלץ וואָס קומט פאָר אין אידישען

---

*) אויסצוגען פון אַן אַרטיקעל וועגען ד"ר ראָזמאַרין וואָס איז ערשינען אין „אַמעריקאַנער", סעפּטעמבער 25, 1946.

לעבען, און ווידמען צייט און ענערגיע צו העלפען מיט ווארט און טאט צו פארשטארקען דעם אידישען רעליגיעזען און נאציאָ־נאלען לעבען. דער וואוילזיין פון אידישען פאלק איז א שטיק פון זייער נשמה, און א חוץ זייערע וויסענשאפטליכע באשעפטיגונ־גען, שטעהען זיי געטריי אויף דער וואך צו היטען און העלפען פארשטארקען דעם וואוילזיין און עקזיסטענץ פון אונזער געיאגט און געפלאגט פאלק. און איינער פון אט דער דאזיגער געצעהל־טער קלאס געלעהרטע, וואס קעמפט אונערמידליך פאר חיזוק הדת והאמונה, פאר א געזונט, פאזיטיוו אידיש רעליגיעז און נאַ־ציאנאל לעבען איז ד"ר אהרן ראזמארין.

געבוירען אין אוסטילע, וואלינער גובערניע, ביי א פארמעג־ליכער חסידיש־לומדישער פאמיליע, שטרעבט זיין פאטער ר׳ משה ז"ל אז ראזמארין זאל ווערען א רב, בעת זיין מוטער בראנ־צי ע"ה, א זעהר אינטעליגענטע פרוי, זעהט אז ער זאל קריגען א גוטע וועלטליכע בילדונג. שוין אין זיין פריהסטער יוגענד ציי־כענט זיך ראזמארין אוים מיט אן אויסערגעוועהנליך גוטען זכרון און „תפיסה". און דערצו איז ער נאך געבענשט מיט א געוואל־דיגער התמדה, שטייגט ער טאקע פון טאג צו טאג סיי אין לער־נען, סיי אין וועלטליכער בילדונג.

באלד נאך דעם ערשטען וועלט־קריג טרעפט זיך ראזמארין מיט זיין קאזין פראפעסאר ישראל פריעדלענדער ז"ל, וועלכער איז דאן געקומען פון אמעריקע קיין אייראפע אלס פארשטעהער פון „דזשוינט דיסטריביושאן קאמיטע", און באשליסט צו פאה־רען קיין אמעריקע.

קומענדיג קיין אמעריקע הויבט ער באלד אן פארטצוזעצען זיין תלמוד׳ישען און אלגעמיינעם שטודיום. ער שטודירט גלייכ־צייטיג אויך יוריספרודענץ, און אין א קורצער צייט ארום הויבט ער אן דרוקען ארטיקלען אין דער ענגליש־אידישער פרעסע. ער מאכט זיין „דעביוט" אין ענגליש מיט א סעריע וויסענשאפטליכע ארטיקלען: צווישען זיי: „די געשיכטע פון די כוזרים"; „די

פּאַלאַשען" (שווארצע אידען פון אַבעסיניען) ; „די ווייסע, שוואר־
צע און ברוינע אידען פון ווייטען מזרח" ; „די געשיכטע פון די אי־
דען אין מאַראָקאָ". ד"ר י. פייטלאָוויטש, דער „טאַטע" פון די
פּאַלאַשען איז אַזוי באַגייסטערט פון ראַזמאַרינ'ס באַהערשען די
געשיכטע פון די פּאַלאַשען, אַז ער שלאָגט איהם פאָר צו פּאָה־
רען קיין אַבעסיניע און איבערנעהמען זיין אַמט אַלס פיהרער פון
די דאָרטיגע אידען. און עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז אין ד"ר
עמנואל בערענפעלד'ס (זוהן פון דעם באַריהמטען געלעהרטען
ד"ר שמעון בערענפעלד ע"ה) פּאַרבעסערטע אויפלאַגע פון פּראָ־
פעסאָר מאַרטין פיליפּסאָנ'ס „נויסטע געשיכטע דעם יודישען פאָל־
קעס", זיינען ראַזמאַרין'ס וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען אָנגעגע־
בען אַלס קוועלען-מאַטעריאַל.

נאָך עטליכע יאָהר אין אַמעריקע פאָהרט ראַזמאַרין קיין
דייטשלאַנד צו פּאַרפאָלקאָמען דאָרט זיין שטודיום. אין יענער
צייט ווען אָן אויסלענדער האָט געוואָלט אויפגענומען ווערען אַלס
סטודענט אין דער בערלינער אוניווערזיטעט האָט ער געמוזט
דורכמאַכען א רייהע שריפטליכע עקזאַמענס, און אויב ער האָט
אויסגעהאַלטען, האָט ער געמוזט דורכמאַכען א רייהע מינדליכע
עקזאַמענס, און ערשט דאַן איז ער אָנגענומען געוואָרען. אָבער
ראַזמאַרינ'ס שריפטליכע עקזאַמענס, זיינען געווען אַזוי אויסגע־
צייכענט, אַז מען האָט איהם איינגאַנצען באַפרייט פון די מינד־
ליכע עקזאַמענס — דער גרעסטער כבוד פאַר א סטודענט.

נאָך א פּאָר יאָהר אין דער בערלינער אוניווערזיטעט זעצט
ער פאָרט זיין שטודיום אין דער ווירצבורגער אוניווערזיטעט,
אָבער ניט אויף דעם חשבון פון אידישע לימודים, און באַקומט
דעם טיטול „דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע" מיט די העכסטע אויס־
צייכנונגען.

ד"ר ראַזמאַרין הויבט זיך דאַן אָן באַטייליגען מיט צענדלי־
גער אַרטיקלען וועגען ביבלישע פּערזענליכקייטען אין דעם ליכט
פון דער אגדה'שער ליטעראַטור אין דעם נייטנטען און צעהנטען

באַנד פון דער „ענציקלאָפּעדיע יודאאיקאַ", וואָס איז דאָן ערשי-נען אין בערלין אונטער דער רעדאַקטאָרשאַפט פון דעם באַוואוס-טען געלעהרטען ד"ר יעקב קליאַצקין. צו גלייכער צייט שרייבט ער אויך אַרטיקלען אין דער דייטש-אידישער פּרעסע.

אין צווישען ערשיינט ד"ר ראַזמאַרינ'ס אַ וויסענשאַפטליך ווערק „מאַזעס אים ליכטע דער אגדה" — אַ ביאָגראַפיע פון משה רבינו באַזירט אויף תלמוד און מדרש. צענדליגער פאַך געלעהר-טע האָבען וועגען דעם בוך געשריבען מיט די גרעסטע לויב גע-זאַנגען, צווישען זיי: פּראָפעסאָר ש. קרויס, וועלכער האָט וועגען דעם געשריבען צוויי באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען אין צוויי באַזונ-דערע וויסענשאַפטליכע זשורנאַלען; פּראָפעסאָר בערנאַרד הע-לער פון בודאַפּעסט האָט אָנגעוויזען אין זיין רעצענזיע אין דער „מאָנאַטסשריפט פיר געשיכטע און וויסענשאַפט דעם יודענ-טומ'ס", וואָס דער ברעסלויער ראַבינער סעמינאַר האָט אַרויס-געגעבען, אַז ראַזמאַרין קאָרעגירט אפילו פּראָפעסאָר לואיס גינז-בורג. פּראָפעסאָר ש. י. פייגין פון דער שיקאַגאָר אוניווערזיטעט האָט אין „הדאר" אָנגעוויזען אַז דאָס ווערק דאַרף איבערגעזעצט ווערען אויף העברעאיש און געלערענט ווערען אין די שולען. י. י. וואהל ז"ל, האָט באַמערקט אין „צוקונפט", אַז סטיליסטיש שטעהט עס העכער אפילו פון עדמונד פלעג'ס (באַריהמטער פראַנצויזיש-אידישער שריפטשטעלער) בוך וועגען משה רבינו. פּראָפעסאָר משה שאָר ז"ל, הויפּט ראַבינער פון ווארשע, האָט געשריבען „נמטיה אפריון לפועלא טבא". פּרץ ווערניק ז"ל האָט עס געהאַלטען פאַר אַ „העכסט באַלעהרענד און אינטע-רעסאַנט אָנגעשריבען ווערק".

צוריקקומענדיג קיין אַמעריקאַ לאַדעט דזשייקאָב דע-האַאז איין ראַזמאַרינ'ען אַלס מיטאַרבייטער פון דער „ענציקלאָפּעדיע אָוו דזשואיש נאַלעדזש", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען. צו גליי-כער צייט הויבען אָן ערשיינען ד"ר ראַזמאַרינ'ס אַרטיקלען אין די פאַרשיידענע אידישע טעגליכע, וועכענטליכע, מאָנאַטליכע

זשורנאַלען אין אַמעריקאַ, קאַנאַדאַ און זיד־אַמעריקאַ, און אין מאנכע אויסלענדישע העברעאישע צייטונגען, און אין כמעט אלע ענגליש־אידישע זשורנאַלען. פיעלע פון זיי זיינען אפילו איבער־געזעצט אין אַנדערע שפּראַכען.

באהערשענדיג דאָס געוואלדיג ברייטע מדרש געביט, פאַר־ענדיגט ער אינצווישען אַ ווערק אין העברעאיש, וואָס באהאַנ־דעלט יעדע ביבלישע פּערזענליכקייט, פּאַסירונג און מאָטיוו אין דעם ליכט פון דער אגדה ליטעראַטור. דאָס איז אַ קאָלאָסאַל ווערק וואָס וועט אַנטהאַלטען אַן ערך פון צעהן גרויסע בענדער. אויסער דעם האָט ער פאַרטיג אַן ענגלישע איבערזעצונג פון רש״י אויף תורה, וואָס אַנטהאַלט אויך פיעלע אייגענע חידושים.

ד״ר ראָזמאַרין, וועלכער איז אגב אַ מוסמך, אָבער וויל ניט אָננעהמען קיין רבנישע שטעלע, איז אָבער ניט גלאַט אַ בוך־וואָרעם. ער איז נישט פון יענע געלעהרטע וואָס לעבען זיך אויס אין די אַלטע עפּאָכעס פון זייערע ספּעציעלע געביטען. זיין ספּעציאַליטעט איז טאַקע די אגדה׳שע ליטעראַטור, אין וועלכער ער איז ממש פאַרליבט. ער איז איבערצייגט אַז ווען די ברייטע אידישע מאַסען זאָלען זיין באַקאַנט מיט אונזער מדרש ליטעראַ־טור, באַזונדערס מיט איהר עטישען טייל, וואָלטען פיעלע פון אונז היינט צו טאָג געווען שטאָלצערע אידען. אָבער אין דער זעלבער צייט נעהמט ער אַן אַקטיווען אַנטייל אין די אידישע געגענוואַרטיגע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

זייענדיג אַ הייסער אָנהענגער פון אַ רעליגיעזע ארץ ישראל, האָט ער פאַרעפענטליכט אין דער ענגליש־אידישער פּרעסע „אַן אָפענעם בריף צו ענגלאַנד״, ווען די פּיל־קאָמיסיע האָט פאָרגע־שלאָגען איהר טרויעריג באַריהמטען חלוקה־פּלאַן. ניט קיין קלע־נערע ווי לאָיד דזשאָרדזש, לאָרד מעלטשעט, לאָרד סעמועל, דער דאַמאָלסדיגער קאָלאָניאַל מיניסטער אָרמסבי גאָר, דער אַרטש־בישאָפּ פון קענטעבורי, דער סעקרעטאַר פון דער ליעג אָוו ניי־שאָנס, דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקאַ, און אַנדערע,

האָבען איהם געשריבען אַז זיי האָבען „שטודירט” זיין אַרטיקעל. מאדאם פּיל, די פרוי פון לאָרד פּיל (טשערמאַן פון דער קאָמיסיע) האָט איהם געשריבען, אַז דער לאָרד וועט שטודירען דעם אַרטי־קעל אַזוי שנעל ווי ער וועט אויפשטעהן פון קראַנקען בעט, אָבער ווי באַוואוסט איז ער געשטאָרבען.

ד״ר ראָזמארין איז א הייסער קעמפּער פאַר אַ שטאַרק רע־ליגיעז-נאַציאָנאַל אידענטום. זיין איבערצייגונג איז אַז ווען דאָס אידישע פאָלק זאָל פיהרען אַ שטרענג רעליגיעז לעבען פּראַקטיש, און זיין באַקאַנט מיט די רעליגיעזע לעהרעס פון דעם אידענטום, וואָלט דאָס געדינט אַלס בעסטער שוץ פאַר אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק און גלייכצייטיג אַלס שטאַרקסטע וואַפען גע־גען אַנטיסעמיטיזם אין אַלע זיינע פאָרמען. זיין שיטה איז אַז אַ אידיש לעבען געבויט אויף אַ פּאָזיטיווען, רעליגיעזען פונדאַ־מענט איז דער שטאַרקסטער פאַנצער געגען אונזערע אינערע און אויסערע געגנער. זיין אנשויאונג איז, אַז אַ אידיש לעבען וואָס איז ניט דער רעזולטאַט פון דער נאָבעלער, פּאָזיטיווער אי־דעאָלאָגיע פון אידישקייט, אַ אידישקייט וואָס באַרוהט בלויז אויף „געגען-אַנטיסעמיטיזם” אנשטאַט אויף „פאַר-אידענטום”, אַ אי־דישקייט וואָס שיילט זיך אַרויס פון פאַרפאָלגונגען, אַ אידישקייט וואָס איז אַ קינד פון קאָנצענטראַציאָנס-לאַגער, אַזאַ אידישקייט איז אַן אַבנאָרמאַלע ערשיינונג, און איז במילא געפעהרליך פאַר דער עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק אַלס אַ אידיש פאָלק.

אָט דאָס דערקלעהרט טאַקע פאַרוואָס ד״ר ראָזמארין איז פון די ערשטע געגנער פון דער אַזוי גערופענער „גוד-וויל” באַ־וועגונג. זיין צוגאַנג איז אַ גאַנץ פּשוט'ער, אָבער אַ געזונט לאָ־גישער. זיין אַרגומענט איז אַז ווען אַ ראַבאַי „פּרעדיגט” אין אַ קלויסטער און לאָדט איין זיינע „צאן קדשים” איהם צו הערען, האָט ער ניט דעם מוט צו רעדען וועגען דער שעהנקייט פון אי־דענטום. אנשטאַט דעם זינגט ער לויב-געזאַנגען, אַז דער „אותו האיש” איז געווען אַזוינס ווי אַזעלכעס. שפּעטער לאָדט דער ראַ־

באַי איין דעם גלח צו רעדען אין זיין סינאַגאָג, און יענער, פאַר־שטעהט זיך, האלט אין איין באַווייזען, אַז יעזוס איז געווען אַ גרויסער נביא און אַ איד נאָך דערצו. די „צאן קדשים" הערען סיי פון זייער ראבאַי און סיי פון דעם גלח אַז יעזוס איז געווען איינס אין דער וועלט, איז צו וואָס גלויבען אין תורת משה און ווערען געיאָגט און געפּלאָגט, איז דאָך בעסער צו גלויבען אין יע־זוס'ן און זיין אַ מענש מיט לייטען גלייך.

ד"ר ראָזמאַרינ'ס מוטיגער קאַמף געגען „גוד־וויל" איז גע־נוג באַקאַנט פון זיין קאַמף געגען שעכטער'ס סעמינאַר פאַר איינ־לאַדען „גוד־וויל" גלחים און מיסיאָנערען. און ווען די סעמינאַר ראַבאַים האָבען ארויסגעגעבען געגען איהם אַ פּאַמפלעט אין אי־דיש און העברעאיש, האָט, פאַרשטעהט זיך, ראָזמאַרין געענט־פערט מיט אַ פּאַמפלעט, וואָס ווימעלט אגב מיט לומדות, און אָנגעוויזען אַז זיי שלאָגען ניט אָפּ אפילו איינע פון זיינע באַ־שולדיגונגען.

אום צו קענען אונאָפּהענגיג קעמפען פאַר אַ פּאָזיטיוו רע־ליגיעז־נאַציאָנאַל אידישקייט און אידענטום, האָט ד"ר אהרן ראָזמאַרין צוזאַמען מיט זיין פרוי ד"ר טרודה וויים־ראָזמאַרין, געגרינדעט דעם אידיש־ענגלישען זשורנאַל „דזשואיש ספּעקטיי־טאָר", וואָס ער האָט רעדאַקטירט אַכט יאָהר, און וואָס ווערט איצט רעדאַקטירט פון ד"ר טרודה וויים־ראָזמאַרין, און איז באַ־קאַנט אַלס אַ קעמפענדע פּלאַטפאָרמע פאַר פּאָזיטיוו אידישקייט.

אַלס רעזולטאַט פון זיין איבערצייגונג אַז נאָר אַ פונדאַמענ־טאַל פּאָזיטיוו־רעליגיעז־נאַציאָנאַל לעבען איז דאָס איינציגע מי־טעל פאַר אַ געזונטע און דויערהאפטע אידישע עקזיסטענץ, און דאָס קען דערגרייכט ווערען נאָר דורך באַקענען זיך מיט דער אי־דישער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, האָט ד"ר ראָזמאַרין אויף זיך גענומען צו פאַרעפענטליכען אַ רייהע ביכער אין אידיש, העברעאיש און ענגליש, וועלכע וועלען העלפען דעם לעזער זיך באַקענען מיט דער שעהנקייט פון דער אידישער לעה־

רע און עטיק. דאָס דאָזיגע בוך „די שעהנקייט פון אידענטום״ איז דאָס ערשטע פון דער סעריע. און זאָל דאָ צוגעגעבען ווערען אַז אַ פאָלק וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַזאַ נאָבעלע, עטישע לעהרע נאָך מיט טויזענטער יאָהרען צוריק, ווען די היינטיגע אַזוי גערופענע ציוויליזירטע פעלקער זיינען נאָך געווען ווילדע באַרבאַרען, אַזאַ פאָלק מוז און וועט ענדליך זיעגען איבער אַלע זיינע אינערליכע און אויסערליכע שונאים. אַזאַ פאָלק, ווי ישראל סבא, וועט זיכער איבערלעבען זיינע איצטיגע שונאים, פונקט ווי עס האָט איבערגעלעבט זיינע אַמאָליגע המן'ס. וואָרום, אַן אינטענסיוו רעליגיעז אידיש לעבען, טעאָרעטיש און פראַקטיש, באַזירט אויף תורה, נביאים, תלמוד און אידישער עטיק, איז די שטאַרקסטע און בעסטע גאַראַנטיע פאַר אַ געזונטע, דויערהאַפ־טע עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק אַלס אַ אידיש פאָלק.

# אַלגעמיינער איבערבליק

עטיק איז די וויסענשאַפט, וועלכע לערנט אונז די פּרינציפּן און אידעאַלען פון דעם מענשענ׳ס כאַראַקטער און זיין לעבענ׳ס-אויפפיהרונג. עטיק איז, אַלזאָ, די וויסענשאַפט פון מאָראַל. און דאָס מאָראַל-געזעץ איז איינער פון די וויכטיגסטע און פונדאַמענטאַלסטע זיילען פון אידענטום. די אידישע עטיק איז באַגרינדעט אויף די לעהרעס און באַגריפען פון אידענטום, וועלכע זיינען ענטהאַלטען אין אונזער טויזענטער-יאָהר אַלטע און רייכע ליטעראַטור. דאָס אידישע געזעץ איז דורכגעדרונגען מיט אַן אונפאַרענדערליכען הויכען און ערהאַבענעם עטישען גייסט. עס צייגט ווי דער איד האָט זיך אויפגעפיהרט, און ווי ער דאַרף זיך אויפפיהרען אין איינקלאַנג מיט דער אידישער לעהרע.

אַ באַקאַנט שפּריכווערטעל לויטעט אַז: „דאָס אייגענע העמד איז נעהנטער צום האַרצען”. איז טאַקע עהרליך האַלטען און פיין באַהאַנדלען די אייגענע עלטערן איינער פון די הויפּט פּרינציפּען פון דער אידישער לעהרע. „האַלט עהרליך דיין פאָטער און דיין מוטער” — ביידע גלייך — איז איינס פון די צעהן געבאָט. די אידישע לעהרע באַטראַכט עס ניט נאָר אַלס אַ קאַרדינאַלען פּרינציפּ, נאָר עס ווערט גערעכענט אַלס די „האַרבסטע פון די האַרבע” פון אַלע געבאָטען. אַזוי הויך שטעהט דאָס געבאָט פון עהרליך האַלטען די עלטערן, אַז גאָט אַליין האָט עס געשטעלט העכער ווי עהרליך האַלטען איהם אַליין.

אָבער אויך דעם צווייטען מענשען מוז מען עהרליך האַלטען און רעספּעקטירען. און ניט נאָר דאַרף אַ מענש ליב האָבען אַן אייגענעם, אַ באַקאַנטען, אַ שכן, אַ פריינד ווי זיך אַליין, נאָר אויך אַ  פ ר ע מ ד ע ן  מוז מען ליבען און פאַרעהרען ווי זיך

אליין. די תורה באפעהלט אויסדריקליך, אז א י י ן געזעץ זאל עקזיסטירען פאר דעם געבירטיגען און פאר דעם פרעמדען.

א פונדאמענטאלער אידעאל אין דער אידישער עטיק איז, אז מענשען זאלען ארויסווייזען אן עכטע, ניט געפעלשטע באציהונג צו מענשען אהן אונטערשייד פון ראסע, קאליר אדער רעליגיע. די אידישע עטיק אונטערשטרייכט די וויכטיגקייט פון איינהייט און גלייכהייט פון דער גאנצער מענשהייט. אזעלכע ביבלישע אמת'ן ווי: „גאט האט באשאפען דעם מענשען אין זיין אייגענעם געשטאלט", אדער „האבען מיר דען ניט איין פאטער? האט דען אונז ניט איין גאט באשאפען?" האבען געלערנט דעם אידען, אז אלע מענשען זיינען געשאפען גלייך, און זיינען באשאנקען מיט די זעלבע און גלייכע רעכט. דערפאר טאקע באטראכט דאס אידענטום ראסען-דיסקרימינאציע אלס אונגעזעצליך.

די אידישע עטיק איז ניט קיין נאציאנאל-באשרענקטע. די אידישע עטיק, ווי די מענשהייט אליין, איז אוניווערסאל — אל-וועלטליך. האט דאך שוין איינער פון אונזערע חכמים ז"ל אויסגעשריגען: „איך רוף הימעל און ערד אלס עדות, אז צי איד צי ניט-איד, מאן אדער פרוי, שקלאף אדער שקלאפין, רוהט אויף זיי דער הייליגער גייסט לויט זייערע פארדינסטען".

דערפאר טאקע איז דאך, לויט דער אידישער לעהרע, די תורה געגעבען געווארען אין דער מדבר, אין א הפקר ארט, כדי יעדער פאלק זאל זי קענען אננעהמען. ניט אז דאס אדער יענעס פאלק זאל זי באטראכטען אלס נאציאנאל אייגענטום, נאר זי געהערט צו דער גאנצער מענשהייט, צו אלע וועלכע ווילען לעבען לויט איהרע פארשריפטען. דערפאר טאקע איז זי דאך געגעבען געווארען, לויט דער אידישער לעהרע, אין זיבעציג שפראכען, אז אלע פעלקער זאלען זי פארשטעהן. איז עס דאך אן אונבאשטרייטבארער פאקט, אז די אידישע לעהרע איז געווען די ערשטע וועלכע האט אנגעשלאגען אן אוניווערסאלע נאטע.

די אידישע לעהרע און עטיק, באזירט אויף טאָלעראַנץ צו דער גאנצער מענשהייט, פּראָקלאמירט דאָך, אז די חסידי אומות העולם, די פרומע און עהרליכע פון אלע פעלקער, באקומען דעם זעלבען שכר פאר זייערע גוטע מעשים פונקט ווי די אידישע פרומע. אז די חסידי אומות העולם האָבען א חלק אין עולם הבא איז א גוט-באקאנטע תלמוד׳ישע באהויפּטונג.

די אידישע עטיק פארבאָט צו פארשעהמען א מענשען אין דער עפענטליכקייט. זאגען דאָך די חכמים ז״ל, אז „דער וועלכער פארשעהמט א מענשען עפענטליך, וועט ניט האָבען קיין חלק אין עולם הבא״. נאָכמעהר, „א מענש זאָל זיך ליבער אריינוואר־פען אין א קאַלך־אויוועז איידער צו פארשעהמען א מענשען עפענטליך״. און ניט נאָר דארף דער כבוד פון דעם צווייטען זיין טייער און הייליג, נאָר אפילו „דעם צווייטען׳ס אייגענטום דארף א מענשען זיין טייער ווי זיין אייגענס״. די אידישע עטיק פאר־באָט, פארשטעהט זיך, ארומצוטראָגען זיך מיט קנאה און שנאה געגען דעם אנדערען, אדער בכלל זיך צו באציהען אונפריינדליך צום צווייטען.

אידענטום באטראכט דעם מענשען׳ס לעבען אלס דאָס גרעסטע און טייערסטע אייגענטום. אומברייננגען א מענשען איז גלייך ווי צו פארשווערען די געטליכע מאיעסטעט. איז דאָך „לא תרצח״ — דו זאָלסט ניט מאָרדען, איינס פון די צעהן געבאָט. פאר אזוי הייליג באטראכט דאָס אידענטום א מענשען׳ס לעבען, אז כאָטש שבת איז דאָך אן עיקר פון אלע עיקרים — איינע פון די אלערוויכטיגסטע מצוות — אין דער אידישער לעהרע, איז אָבער „פקוח נפש דוחה שבת״. צוליב ראטעווען א מענשען׳ס לעבען מעג מען מחלל שבת זיין.

אלס לאָגישער קאָנסעקווענץ הייסט טאקע די אידישע לעה־רע קאָנטראָלירען אונזערע ליידענשאפטען, צוימען אונזער כעס, ווייל זיי קענען נאָך פיהרען צו בלוט-פארגיסונג. פרידען צווישען מענש און מענש, פונקט ווי צווישען פעלקער, איז א הויפּט פּרינ־

ציפ אין אידענטום. שלום ווערט אויפגעפאסט ווי די גרעסטע מתנה פאר דער מענשהייט. עס איז קוים פאראן א געבעט אין דער אידישער ליטורגיע, אין די אידישע תפלות, וואס זאל ניט ענטהאלטען אן אויסדריקליכען וואונש פאר שלום צווישען דער מענשהייט. באטראכט דאך די אידישע עטיק שלום אלס איינעם פון די דריי זיילען אויף וועלכע די וועלט עקזיסטירט. עהרליכ־קייט, גערעכטיגקייט, טרייהייט, אפענהערציגקייט און אמת זיינען הויפט באדינגונגען אין דער אידישער עטיק. די וויכטיג־קייט פון גערעכטיגקייט קען מען זעהן דערפון, וואס די אידישע לעהרע שטעלט עס פיעל העכער פון אפילו מקריב זיין קרבנות. אפענהערציגקייט איז דער קריטעריאן, די מאס, פון אידיש־עטישער אויפפיהרונג. אמת, איז איינער פון די דריי זיילען אויף וועלכע די וועלט האלט זיך. לויט דער אידישער טראדיציע איז אמת גאט'ס חתימה.

דאגעגען ווידער, זיינען פאלשקייט, פאלש שווערען, פאלש עדות זאגען, גנבה, אויספרעסען געלד פון דעם צווייטען, אפנארע־ריי, באטראג, חנופה, באליידיגונגען, רכילות און בכלל יעדער סארט פארלוימדונג וועלכע קען באפלעקען א מענשען'ס כא־ראקטער, שטרענג פארבאטען. לויט דער אידישער לעהרע קענען דאך ליגנער, אפשפאטער, היפאקריטען און לשון הרע'ניקעס ניט ערשיינען פאר גאט. לערנט דאך אונזער עטיק: „ווער ווערט רעספעקטירט? דער וועלכער רעספעקטירט אנדערע".

אידענטום האסט ליגען. עס האט פיינט אונגעצוימטען גלוסט. אונמעסיגקייט איז פאראבשייעט. אידישע עטיק לערנט, אז גאוה, ארראגאנץ און זעלבסט־נארערייי לאקען א מענשען צו פארניכטונג, בעת באשיידענהייט און מעסיגקייט, שטייגען אי־בער אלע מעלות. באשיידענהייט איז אן הויפט באדינג פאר אמת'ע גרויסקייט. משה רבינו, דער גרעסטער אידישער פיה־רער און געזעץ־געבער, ווערט כאראקטעריזירט אלס דער גרעס־

טער עניו אין דער וועלט. זעהר קלוג האָבען אונזערע חכמים ז"ל באַמערקט, אַז כבוד לויפט אַוועק פון דעם וועלכער יאָגט זיך נאָך דעם.

אידענטום באַטראַכט רעגירונגס-אויטאָריטעט אַלס אַ וויכ־טיגען פאַקטאָר אין דעם סאָציאַלען לעבען. דערפאַר טאַקע הייסט די אידישע לעהרע פאָלגען די רעגירונגס אויטאָריטעטען, און רעקאָמענדירט צו בעטען פאַר דעם וואוילזיין פון דער מלוכה. „דאָס געזעץ פון דער רעגירונג איז געזעץ" איז אַ קאַרדינאַלער פּרינציפּ אין דער אידישער עטיק. דער דעמאָקראַטישער מאָטאָ „די מערהייט רעגירט" איז איינער פון די וויכטיגסטע פּרינציפּען אין דעם אידישען געזעץ (יחיד ורבים הלכה כרבים).

די אידישע אינטערפּרעטאַציע, אויסטייטשונג, פון פליכט איז אַזוי אַל-אומפאַסענד און אַזוי טיעף ווי די אידעע פון סאָצי־אַלער גערעכטיגקייט אין איהר ברייטסטען פאָרעם. דער ספּע־ציעלער סאָציאַלער כאַראַקטער פון דער פליכט-אידעע, ווי דאָס אידענטום פאַסט עס אויף, איז באַזונדערס בולט אין דעם אידי־שען באַגריף, אַז אַ מענש קען דערגרייכען די מדרגה פון הייליג־קייט נאָר דורך סאָציאַלע גערעכטיגקייט און באַזאָרגטקייט פאַר דעם צווייטען מענשען. אידענטום, אַלזאָ, אידענטיפיצירט זיך מיט סאָציאַלער גערעכטיגקייט, מיט דעם מענשען׳ס געהעריגען ערפילען זיינע פליכטען צום אַנדערען מענשען. פליכט אַלס דער העכסטער אויסדרוק פון אידישער עטיק, נעמט, אַלזאָ, אָן אַ קלאָרען סאָציאַלען כאַראַקטער, ווי די נביאים האָבען פּראָקלאַ־מירט: „זוך גערעכטיגקייט, העלף די אונטערדריקטע, נעהם זיך אָן פאַר די יתומים און אלמנות".

אַזוי ווי יעדער יחיד איז אַ טייל פון דעם כלל, פון דער גאַנ־צער מענשהייט, האָט ער דערפאַר פיעלע פאַרפליכטונגען צו זיי־נע מיט-מענשען. דערפאַר טאַקע האָט שוין הלל הנשיא אַנידער־געלעגט דעם פּרינציפּ: „אל תפרוש מן הצבור" — שייד זיך ניט

אַפּ פון דעם כלל, מאַך ניט שבת פאַר זיך. נאָכמעהר, יעדער מענש דאַרף זיין אויף דער וואַך, אַז זיינע האַנדלונגען זאָלען ניט שע־דיגען דעם וואוילזיין פון דעם צווייטען. אַ פּאַסאַזשיר אויף אַ שיף טאָר ניט אויסבוירען אַ לאָך אין דעם דנאָ פון דער שיף פונקט דאָרט וואו ער זיצט, מיט דער טענה, אַז אויף זיין פּלאַץ קען ער טאָהן וואָס ער וויל, פשוט דערפאַר, ווייל זיין האַנדלונג שטעלט אין געפאַהר דאָס לעבען פון די אַנדערע פּאַסאַזשירען.

אידישע עטיק איז באַזירט אויף די הומאַניטאַרסטע, די מענ־שליכסטע געזעצען פון גערעכטיגקייט. די כאַראַקטעריסטיק פון גוטער, מענשליכער אויפפיהרונג דריקט זיך אויס אין געגענ־זייטיגער הילף און גרויסמוטיגקייט, אין געדולד און אין גרייט־קייט צו אורטיילען דעם צווייטען צום גוטען און צו פאַרגעבען. און בעת מען דאַרף באַהאַנדלען פריינדליך יעדען מענשען, מוז מען זיך אָבער נעמען באַזונדערע מיה לגבי הילפלאָזע מענשען. „שעלט ניט די טויבע, פאַר אַ בלינדען זאָלסטו ניט אַוועקלעגען אַ שטרויכלונג" איז אַ תורה געזעץ.

זיך קימערען וועגען די שוואַכע, רעספּעקט פאַר דעם צוויי־טענ'ס רעכט, ליבע פאַר דעם צווייטען, זיינען קאַרדינאַלע פּרינ־ציפּען אין דער אידישער עטיק. רעספּעקט פאַר אַן עלטערען איז אַ תורה געבאָט. פיינט האָבען דעם צווייטען ווערט פאַר־דאַמט אַלס איינע פון די דריי זאַכען, וועלכע רואינירען אַ מענ־שען. אפילו חיות און בהמות מוזען באַהאַנדעלט ווערען מיט צאַרטקייט און באַרמהערציגקייט. מען דאַרף קיין בעסערען באַוויז פאַר דער וויכטיגקייט פון ברודער־ליבע אין דער אידי־שער עטיק ווי דעם שלאַגיגען עפּיגראַם: „ווער איז שטאַרק? דער וועלכער מאַכט פון אַ פיינד אַ פריינד".

די אידישע עטיק פאַרפליכטעט יעדען אידישען פיהרער, באַ־זונדערס די וועלכע זיינען געבענשט מיט ספּעציעלע גייסטיגע אייגענשאַפטען, צו טיילען זיין גייסט און וויסען מיט זיינע מיט־

מענשען. די דאָזיגע פליכט מוזען נאָכקומען ניט נאר אונזערע פיהרער, נאָר טאַקע אויך יעדער איד. יעדער איינער איז מחויב אויפמערקזאַם צו מאַכען דעם צווייטען אויף אַ ניט ווינשענס-ווערטער האַנדלונג. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס דאַרף געטאָהן ווערען אין אַ גוטמוטיגער פריינדשאַפט, אָהן וועלכע עס איז זיך-לערייען.

אַן אַנגעזעהענער שטריך אין דער אידישער עטיק איז דאָס אַכטונג געבען אויף די נויטבאַדערפטיגע, די קראַנקע, יתומים און הילפסלאָזע אַלטע. קיין שעהנערעס און נאָבעלערעס ווי די אידישע אויסטייטשונג פון דעם וואָרט צדקה, וואָס מיינט ווערט-ליך „גערעכטיגקייט", איז ניטאָ.

צדקה איז דער פאָדים, וואָס ציהט זיך דורך דער גאַנצער ספערע פון דער אידישער עטיק. צדקה איז אַן אימפעראַטיווע פליכט ניט נאָר פון דעם אינדיווידועלען מענשען, פון דעם יחיד, נאָר עס איז אַ געזעלשאַפטליכע פליכט — דער חוב פון דער גאַנ-צער קהלה. „צדקה איז גלייך צו אַלע מצוות צוזאַמען", זאָגען די חכמים ז"ל. אַפּזאָגען מאַטעריעלע הילף, איז אין די אויגען פון די חכמים ז"ל גלייך צו געצענדינערייִ. דאַגעגען, דער וועל-כער פראַקטיצירט צדקה — גערעכטיגקייט — איז גלייך ווי ער וואָלט אַנגעפילט די וועלט מיט גוטמוטיגער פריינדשאַפט.

אידישע עטיק באַשרענקט ניט דאָס געבען צדקה בלויז צו אידען. אַז „עס איז אונזער פליכט צו שטיצען די ניט-אידישע נויטבאַדערפטיגע פונקט ווי די אידישע, באַזוכען די ניט-אידישע קראַנקע פונקט ווי די אידישע" ווערט בפירוש געלערנט אין דער אידישער עטיק. און שטיצען די נויטבאַדערפטיגע שטילערהייט, אָהן „פובליסיטי", ווערט אויפגעפּאַסט אין דער אידישער לעהרע אַלס די העכסטע פאָרם פון געבען צדקה. די חכמים ז"ל זאָגען, אַז „דער וועלכער גיט צדקה שטילערהייט, שטעהט העכער אפילו פון משה רבינו".

דער אידעאלער טיפּ איד איז דער, וועלכער איז גרייט צו אָפּפערען זיין אייגענע באַקוועמליכקייט און מיטלען אום צו העל־פען די פאַרפאָלגטע און נויטבאַדערפטיגע. און ניט נאָר איז אַ איד פאַרפליכטעט צו העלפען דעם צווייטען מאַטעריעל, נאָר אויך גייסטיג מוז ער איהם העלפען. פונקט ווי יעדער איד מוז אַליין לערנען און זיך גייסטיג אַנטוויקלען, אַזוי מוז ער אויך העלפען דעם צווייטען. זאָגען דאָך אונזערע חכמים, אַז „דער וועלכער ערמעגליכט דעם צווייטענ׳ס זוהן צו לערנען, איז פונקט ווי ער וואָלט געווען זיין פאָטער״.

אָבער כאָטש בילדונג איז פון גרויס וויכטיגקייט אין דעם אידישען לעבען, מוז דאָס אָבער זיין פאַרבונדען מיט אַרבייט. צווישען די פאַרשריפטען און פליכטען פון אַ פאָטער צו אַ קינד, געפינט זיך אויך די פאַרשריפט, אַז ער איז מחויב צו לערנען זיין קינד תורה און אַ פ אַ ך, „און דער וועלכער לערנט ניט זיין זוהן אַ מלאכה, איז פונקט ווי ער וואָלט איהם געלערנט זיין אַ רויבער״.

די אידישע לעהרע שטרייכט אונטער זעהר עמפאַטיש די ווירדע פון אַרבייט, און די געבענשטע רעזולטאַטען, וועלכע אַר־בייט פאַרמאָגט אין זיך: „עס מאַכט דעם קערפער שטאַרק און דעם גייסט קלאָהר״. אַרבייט איז אַ קוואַל פון גייסטיגער דער־הויבענהייט פאַר דער מענשליכער ראַסע. „דער וועלכער ציהט חיונה פון דער אַרבייט פון זיינע הענט, שטעהט העכער אפילו פון אַ גאָט׳ס־פורכטיגען מענשען״, און „דער זכות פון אַרבייט איז גרעסער פון פוסטע פרומקייט״, זאָגען די חכמים. דער אַר־בייטער מוז באַהאַנדעלט ווערען מיט דער ריינסטער און איי־דעלסטער ריקזיכט. דאָס אידישע געזעץ פאַרבאָט צוריקצוהאַל־טען דעם אַרבייטער׳ס לוין אפילו אויף איין נאַכט. און פונקט ווי די אידישע לעהרע פאַרהערליכט אַרבייט, אַזוי פאַרדאַמט זי פוילקייט אַלס קוואַל פון זינד און פערווערזיטעט. פוילקייט

און אידישע עטיק געהען ניט צוזאַמען. „פאָלקייט", רופען אוים אונזערע חכמים, „רואינירט דעם מענשען".

געשעפט און האַנדעל מוזען זיין באַזירט אויף עהרליכקייט. בעת די תורה פאָדערט אַן עהרליכע וואָג און מאָס און באַטראַכט עס אַלס אַ פונדאַמענטאַלען פּרינציפּ אין דער אידישער עטיק, געהען אונזערע חכמים ז"ל נאָך ווייטער און זאָגען, אַז אַ קרעמער מוז אויסוואַשען די מאָס צוויי מאָל אַ וואָך, און די וואָגשאָלען נאָך יעדער מאָל וועגען".

די אידישע עטיק גלאָריפיצירט דאָס ריינע פאַמיליען לעבען. טרייהייט און איבערגעבענהייט זיינען הויפּט פּרינציפּען אין אידענטום. אַנערקענענדיג דעם וויכטיגען אָרט וואָס די פרוי פאַרנעמט אין דעם פאַמיליען לעבען, גיט איהר טאַקע די אידישע לעהרע אַ געהעריג-ווירדיגע פּאָזיציע. אין קיין שום פּרט ווערט די פרוי באַטראַכט נידעריגער אַלס דער מאַן. אַ ריין פאַמיליען לעבען ווערט באַטראַכט אַלס דער באַזיס פון גליק. נאָכמעהר, די אידישע עטיק פאַרבאָט אפילו אונאַנשטענדיגע אויסדריקען.

זוכען נקמה, אָדער זיך גלאַט ארומטראָגען מיט שנאָה אין האַרצען געגען דעם צווייטען, איז פאַרבאָטען. די אייגענשאַפט פון מוחל זיין דעם צווייטען ווערט באַטראַכט אַלס אַ הויכע מדרגה. אויב איינער האָט זיך פאַרזינדיגט געגען דעם צווייטען, דאַרף ער איהם איבערבעטען. אויב דער באַליידיגטער וויל ניט מוחל זיין, דאַרף דער באַליידיגער איהם איבערבעטען אין געגענווארט פון אַנדערע. אַזוי וויכטיג איז דאָס בעטען פאַרצייהען, אַז בעת די זינד פון מענש געגען גאָט ווערען יום הכפור פאַרגעבען, ווערען אָבער די זינד פון מענש געגען מענש אפילו יום הכפור ניט פאַרגעבען, סיידען דער באַליידיגער בעט איבער דעם באַליידיגטען.

דער אומפאַנג פון דער אידישער עטיק באַציהט זיך ניט בלויז

אויף דעם אידען, נאָר אויף דער גאַנצער מענשהייט. „לערן צו טאָהן גוטס" איז דער שליסעל צו דער אידישער עטיק. „דריי קרוינען זיינען פאַראַן: די קרוין פון תורה, די קרוין פון כהונה, און די קרוין פון מלכות, אָבער די קרוין פון אַ גוטען נאָמען שטייגט זיי אַלע איבער". דער עסענץ פון דער אידישער עטיק קען אפשר אַמבעסטען סומירט ווערען אין הלל הנשיא'ס גאָלדען וואָרט: „וואָס דיר איז ניט אנגענעהם, טהו ניט דעם צווייטען".

# אמת און ליגען

די מעטאָדע פון דער אידישער עטיק איז אַ צוויי-פּאַכיגע, אַ פּאָ-זיטיווע און אַ נעגאַטיווע. אויף אַן עמפּאַטישען אופן, דורכ-געפלאָכטען מיט ביישפּילען, אילוסטראַציעס און צוטרעפענדע עפּיזאָדען און פאַקטען דעמאָנסטרירט זי די אַבסאָלוטע נויט-ווענדיגקייט, הומאַניטעט און שעהנקייט פון אַ געוויסער זיטע, ווי צום ביישפּיל די איידעלקייט פון באַשיידענהייט, די פיינ-קייט פון אַכטען דעם מיט-מענשען, די וויכטיגקייט פון זאָגען אמת, און אַזוי ווייטער; און גלייכצייטיג אונטערשטרייכט זי אין קלאָהרע, ניט צווייידייטיגע ווערטער דעם שאָדען, אונמענש-ליכקייט און העסליכקייט פון דער נעגאַטיווער זייט, פון דעם געגענטייל פון זעלבען אַטריבוט, ווי צום ביישפּיל די נידערט-רעכטיגקייט פון אַראָגאַנץ, פון חוצפּה, די גראָבקייט פון באַליי-דיגען דעם צווייטען, די געפאַהר פון ליגען, און אַזוי ווייטער.

עס זיינען פאַראַן פאַלען אין וועלכע די אידישע עטיק שענקט מעהר אויפמערקזאַמקייט, ווידמעט מעהר ווערטער דער פיינקייט און וויכטיגקייט פון אַ געוויסער זיטע, און באַ-מיהט זיך צו באַווייזען די נויטווענדיגקייט און די וואונשענס-ווערטע רעזולטאַטען וואָס זי ברייננגט פאַר זיך פערזענליך און פאַר דער מענשהייט אין אַלגעמיין. און אַמאָל, ווידער, שטרייכט זי מעהר אונטער די גראָבקייט פון דער געגענ-זייט פון דער זעל-בער זיטע, און דעם שאָדען וואָס עס ברענגט דעם באַטרעפענ-דען גופא און די מיט-מענשען.

אין דעם פאַל פון אמת און ליגען לייגט די אידישע לעהרע מעהר געוויכט אויף צו באַווייזען די מיאוסקייט פון ליגען, און זיינע אונאַנגענעהמע, און אָפט מאָל געפעהרליכע און שעדליכע

רעזולטאטען און קאנסעקוועצען, איידער די שעהנקייט פון אמת. און עס איז אויך גאנץ לאגיש. יעדער מענש, אפילו דער וועלכער האלט ניט פון רעדען אמת, פארשטעהט און פיהלט די פיינע, איידעלע און אבסאלוט וויכטיגע און נויטווענדיגע מדה פון זאגען אמת. דאגעגען, אבער, זיינען לריידער פאראן מענשען וועלכע באגרייפען ניט פול די געמיינהייט און נידערטרעכטיגקייט פון ליגען און די אונאנגענעהמע קאנסעקווענצען פאר זיך און אנדערע וועלכע מוזען ענדליך פון איהם פאלגען.

אמת איז א הויפט זייל אין דער אידישער עטיק, און ווערט אויפגעפאסט ווי דער עסענץ פון פערפעקציע, פון פאלקאמענהייט. אהן אמת קען ניט זיין קיין גליקליך פאמיליען-לעבען, קיין עכטע פריינדשאפט צווישען מענש און מענש, קיין פארטרויליכע באציהונג צווישען פעלקער. אמת איז, אלזא, א פונדאמענטאלער ווינקעלשטיין וועלכער איז פון וויטאלער נויטווענדיגקייט פאר דעם וואוילזיין פון דעם איינצעלנעם מענשען און פון דעם קאלעקטיוו — פאר דעם יחיד, פאר דער פאמיליע און פאר די פעלקער. דער באגריף און פראקטיצירונג פון אמת איז פון אזא גרויסער וויכטיגקייט אין דער אידישער עטיק אז איינער פון גאט׳ס אטריבוטען איז „השומר אמת לעולם” — ער היט דעם אמת איביג.

איז ניט נאר איז עס א פאזיטיווער געבאט, אן אימפעראטיווער מוז, פאר יעדען מענשען צו רעדען אמת, נאר אפילו אין הארצען מ ו ז מען טראכטען אמת. דאס טראכטען און דאס רעדען מוזען זיין איינס און דאס זעלבע. עס מוז זיין „תוכו כברו”. די חכמים ז״ל אילוסטרירען עס מיט א זעהר אינטערעסאנטען פאקט, איינער פון אונצעהליגע, וועלכער ווייזט מיט וואס פאר אן אויסגעהאלטענקייט אונזערע געזעץ געבער און לעהרער פון עטיק האבען פראקטיצירט וואס זיי האבען געפריידיגט. ר׳ ספרא האט געהאט א געגענשטאנד צו פאר-

קויפען, איז געקומען צו איהם אַ קונה פונקט ווען ער האָט גע־האַלטען ביי קריאת שמע און האָט איהם פאַרגעשלאָגען אַ פרייז. ניט וועלענדיג אויסרעדען אין מיטען קריאת שמע האָט ר׳ ספרא, פאַרשטעהט זיך, ניט רעאַגירט. דער קונה האָט גע־מיינט אַז ר׳ ספרא וויל מעהר געלט, האָט ער איהם אָנגעבאָטען אַ העכערען פרייז. נאָכדעם ווי ר׳ ספרא האָט געענדיגט, האָט ער געזאָגט צום קונה: „דער חפץ איז דיינער פאַר דיין ערשטען אָנבאָט, ווייל פאַר יענעם פרייז האָב איך געהאט בדעה צו פאַרקויפען״. פאַר אַזוי וויכטיג באַטראַכט די אידישע עטיק דאָס ט ר א כ ט ע ן אמת אין הארצען, אַז דער זינגער פון תהלים רעכענט דעם „דובר אמת בלבבו״ — דעם וועלכער רעדט אמת אין זיין הארץ — צווישען די יעניגע וועלכע וועלען וואוינען אין גאָט׳ס היילינקייט.

אויף אַ וואונדערבאַרען און שלאָגיגען אופן ברענגט די תלמודישע עטיק אַרוים די קאָלאָסאַלע וויכטיגקייט און פונדאַ־מענטאַלע נויטווענדיגקייט פון פראַקטיצירען אמת. זי לעגט אַנידער דעם אַל־אַרומנעהמענדען פּרינציפּ אַז „גאָט׳ס חתימה איז אמת״. און מאָמער קאָן דאָס אויפגעפאַסט ווערען ווי בלויז אַ שעהן־קלינגענדער אַבסטראַקטער מעטאַפאַר, מאַכען די חכמים ז״ל די באַהויפּטונג אַז „אמת איז איינער פון די דריי זיילען אויף וועלכע די וועלט עקזיסטירט״.

אַלס קאָנסעקוועניץ פון אָט דעם דאָזיגען אַקסיאָמאַטישען גרונד־פּרינציפּ, ראָט די אידישע לעהרע, אַז „דיין ,יאָ׳ און דיין ,ניין׳ מוזען זיין אמת״. און כדי צו פאַרהיטען דעם מענשען פון שטרויכלונגען, לערענט אונז די אידישע עטיק: „טראַניר דיין צונג צו זאָגען „איך וויים ניט״, ווייל טאָמער כאַפּט מען דיך ביי אַ ליגען וועסטו געשטעמפּעלט ווערען אַלס אַזעלכער״. און ניט נאָר דאַרף מען זאָגען און רעדען אמת, מיט אַן אמת אויף אַן אמת, נאָר עס איז אַבסאָלוט נויטיג אַז דער מוח און דאָס מויל זאָלען קאָאָפּערירען: „ רעד ניט איין זאַך מיט דעם מויל

און איינס מיט דעם הארץ". מען דארף רעדען וואס מען טראכט און טראכטען וואס מען רעדט.

אמת איז א פארבאדינג פאר יעדען ערפאלג אין לעבען. יעדע אונטערנעהמונג אדער האנדלונג אויב זי איז ניט באזירט אויף אמת איז אפילו זי זאל צייגען אין אנהויב ערפאלגען מוז זי דאך פריהער אדער שפעטער באנקראטירען. אזא וויכטיגער פאקטאר איז אמת אז אפילו לשון הרע, וואס די אידישע עטיק האסט אזוי שרעקליך און ווארענט געגען דעם אין די שטארק־סטע ווערטער, אויב עס הויבט זיך ניט אן מיט א קרן'דעל אמת מוז עס זיך ענדיגען ערפאלגלאז.

און אויב די אידישע עטיק לערענט אונז אין עמפאטישע און קלאהרע ווערטער די וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט פון אמת, איז זי נאך מעהר אויסגעשפראכען געגען ליגען. ווי זאגט דאס ווערטעל: „דעם אמת איז מען ניט געצוואונגען צו זאגען, אבער א ליגען טאר מען ניט זאגען". האט טאקע שוין די תורה אנידערגעלייגט דעם פאזיטיווען געבאט „מדבר שקר תרחק" — דערווייטער זיך פון א ליגען. און דער דיכטער פון תהלים שרייט אוים: תאלמנו שפתי שקר" פארשטומט זאלען ווערען די ליפען פון פאלשקייט, און נאכמעהר „דער ליגנער קען ניט עקזיסטירען פאר גאט".

עס זיינען פאראן מענשען וועלכע דענקען אז ליגען איז א בעסערער מיטעל פאר ערפאלג ווי אמת. איז פעהלט ניט, פארשטעהט זיך, קיין שקר אויף דער וועלט. און ווען די חז"ל באקלאגען זיך אז שקר באגעגענט מען אפטער ווי אמת, אילוס־טרירען זיי עס אויף א געניאלען אופן: די בוכשטאבען פון דעם ווארט „אמת" זיינען ווייט איינער פון דעם אנדערען אין דעם אלף בית. דער בוכשטאב „א" געפינט זיך צום אנהויב פון דעם אלף בית, „מ" אין דערמיט, און „ת" צום סוף. דאגעגען די בוכשטאבען פון דעם ווארט „שקר" געפונען זיך איינער לעבען דעם אנדערען אין דעם אלף בית, נעמליך, „ק" „ר" „ש" (שקר).

ליידער זיינען פילע מענשען אָפּטמאָל געגוויגט צו ליגען מעהר ווי צו אמת, און די אידישע עטיק באַמיהט זיך אויסערסט צו באַווייזען די מיאוסקייט און אפילו די אונפּראַקטישקייט פון דער דאָזיגער שעדליכער מדה. און אויב ליגען איז אַ שעדליכער אַטריבוט אַן און פאַר זיך, איז עס נאָך געפעהרליכער דערמיט וואָס „שקרא מוליד שקרא" — איין ליגען ברענגט אַ צווייטען. און דאָס איז דאָך אַזוי אמת אין פּראַקטישען לעבען. זאָגט מען אַ ליגען מוז מען האָבען אַ גאַנצע קייט ליגענס איהם צו שטיצען.

פונקט ווי דער מענש דאַרף זיך היטען געגען זאָגען אַ ליגען, אַזוי דאַרף ער זיין פאָרזיכטיג מיט זיינע ווערטער ער זאָל מיט זיי ניט לערנען דעם צווייטען זאָגען אַ ליגען. אַזוי גרויס איז די זינד פון ליגען, לויט דער אידישער עטיק, אַז אַ ליגנער האָט ניט קיין שאַנס אויפגענומען צו ווערען פון דער שכינה.

און ניט נאָר זאָגען אַ ליגען, נאָר אפילו ענדערען דאָס וואָרט איז פאַרבאָטען. דער וועלכער ענדערט זיין וואָרט איז גלייך ווי ער דינט די עבודה זרה. אין פלוג דאַכט זיך אַז דאָס איז שוין אַביסעל איבערטריבען. אָבער די קאָלאָסאַלע וויכטיגקייט און וואָגיגקייט פון אָט דעם גרונדזאַץ וואָס די אידישע עטיק האָט שוין געלערענט מיט טויזענטער יאָהרען צוריק, זעהט מען אַזוי קלאָהר אין אונזער אייגענער צייט, אין דעם אַזוי גע־רופענעם ציוויליזירטען צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. וויפיל ביליאָנען דאָלאַרען קאָסט עס דער וועלט דאָס וואָס שטאַטסלייט האַלטען ניט זייער וואָרט און באַטראַכטען אפילו שריפטליכע אָפּמאַכען און דעקלאַראַציעס פאַר „שטיקלאַך פּאַפּיר". וויפיל מיליאָנען אלמנות, יתומים, אינוואַלידען האָט די לעצטע וועלט מלחמה אליין געבראַכט אויף דער וועלט ? ! שרייט טאַקע אוים די אידישע עטיק אַז „דער וועלכער האָט באַשטראָפט דעם דור המבול, דעם דור הפלגה, סדום און עמורה און די מצריים

ביי דעם ים סוף, דער וועט באַשטראָפען דעם יעניגען וועלכער האלט ניט זיין וואָרט.

אָבער ניט נאָר איז ליגען ניט עטיש, עס איז אויך ניט פּראַקטיש. עס לוינט זיך פּשוט ניט. ווארום וויפיל מאָל אַ שטייגער לאָזט אַ מענש זיך אָפּנאַרען? סומירען עס טאַקע די חז"ל אין דעם קלאַסישען זאַץ „כך עונשו של בדאי, אפילו אומר אמת אין שומעין לו" — אַזוי איז די שטראָף פון אַ ליגנער, אַז אפילו ווען ער זאָגט אמת גלויבט מען איהם ניט.

איז טאַקע פיל פאַרנונפטיגער צו פאָלגען די לעהרעס פון דער אידישער עטיק און צו מאַכען אמת פאַר אַ לעבענס באַגלייטער, ווארום אמת איז אַ שטאַנדהאַפטע זאַך, בעת ליגען איז ניט אויסהאַלטבאַר. האָט דאָך שוין דער פאַרפאַסער פון משלי רעקאָרדירט דעם אונבאַשטרייטבאַרען פאַקט אַז „שפת אמת תכון לעד, ועד ארגיעה לשון שקר" — אמת איז אַ דויערהאַפטע, און אייביגע זאַך, דאַגעגען אָבער ליגען איז אויף אַ מינוט. אויסער דעם איז ליגען אַ זאַך וואָס לוינט זיך פּשוט ניט פון דעם פּראַקטישען שטאַנדפּונקט. ווארום ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „כל מה דשקרא מוליד, פחתא נסבא" — וואָס ליגען פּראָדוצירט, נעהמט שלים מזל צו. איז טאַקע גלייכער זיך צו האַלטען ביי דער שעהנער, הומאַנער און עטישער מדה פון אמת.

# אויפריכטיגקייט און חנופה

פונקט ווי אַ בוים האָט וואָרצלען, צווייגען און בלעטער און אַלע מוזען פונקציאָנירען אין האַרמאָניע אום צו קענען פּראָדוצירען פרוכט, אַזוי אויך האָט יעדער עטישער אַטריבוט אַפּלייטונגען און שאַטירונגען וועלכע מוזען סופּלימענטירען, ערגענצען, איינע די אַנדערע אום צו קענען דערגרייכען די געוואונשטע פּאָזיטיווע רעזולטאַטען. עס זיינען פאַראַן עטישע אַטריבוטען וועלכע לייטען אָפּ פון זיך, אַזוי צו זאָגען, סוב-אַט-ריבוטען, און דער פּאָזיטיווער אַטריבוט אמת און די נעגאַטיווע אייגענשאַפט ליגען געהערען צו אָט דער דאָזיגער קאַטעגאָריע. אויפריכטיגקייט איז אַ געוויסע פאָרמע פון אמת; און חנופה איז — אַן אַרט ליגען. ווען, צום ביישפּיל, אַ געוויסער פאַקט ווערט באַהויפּטעט איז עס אמת. ווען איינער, אָבער, דריקט אויס אַ מיינונג וועגען אַ צווייטען מענשען, איז אויב די מיינונג איז אַן אויפריכטיגע איז עס פון זיין שטאַנדפּונקט געווים אַ פאָרמע פון אמת, כאָטש אַנדערע מענשען מעגען ניט איינשטי-מען מיט זיין מיינונג. אָבער ווען איינער, צום ביישפּיל, איז מיט זיין מיינונג בלויז אויסען צו שמייכלען דעם צווייטען, דאָס הייסט טיעף אין האַרצען ווייסט ער, אַז זיין מיינונג איז ניט קיין אויפריכטיגע, נאָר אַ חנופה, איז עס אַ געוויסע פאָרמע פון ליגען, ניט געקוקט דערויף צי די באַטרעפענדע פערזאָן און אַנדערע מענשען נעהמען עס אָן פאַר גוט געלט אָדער ניט.

אויפריכטיגקייט און חנופה זיינען אַלזאָ אפּלייטונגען, גע-וויסע שאַטירונגען פון אמת און ליגען. איז מיט דער זעלבער אויסגעשפּראָכענקייט מיט וועלכער די אידישע עטיק לערנט און פאָדערט אַז מענשען זאָלען פּראַקטיצירען אמת און פאַר-

באַט אויף דעם שטרענגסטען אופן צו פּראַקטיצירען די געמיינע אייגענשאַפט פון זאָגען ליגען, מיט דער זעלבער עמפּאַטישקייט אונטערשטרייכט זי די וויכטיגקייט פון דעם פּאָזיטיווען אַטרי־בוט אויפריכטיגקייט און פאַרבאָט אין די קלאָהרסטע אויסדרו־קען דאָס פּראַקטיצירען די געמיינע, נעגאַטיווע, זעהר אָפּט שאָדענדע אייגענשאַפט פון שמייכלען, פון חנפ׳ענען דעם צווייטען. און כאָטש אויפריכטיגקייט און שמייכלעריי זיינען דאָך, אַזוי צו זאָגען, געוויסע פאָרמען פון אמת און ליגען, דאָך באַהאַנדעלט די אידישע עטיק אָט די דאָזיגע אַטריבוטען, און באַציהט זיך צו זיי, מיט דעם זעלבען ערנסט ווי צו אמת און ליגען.

זעהר אָפּט לעגט די אידישע עטיק מעהר געוויכט אויף אונ־טערצושטרייכען די שענדליכקייט און שעדליכקייט פון אַן אונ־געוואונשטען אַטריבוט איידער ווי צו באַווייזען די איידעל־קייט און דעם ווערט פון אַ געוויסער וואונשענסווערטער אייגענ־שאַפט. עס זיינען פאַראַן אייגענשאַפטען וועמענס וואונשענס־ווערטקייט און שעהנקייט זיינען אַזוי קלאָהר, אַזוי זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז די אידישע עטיק האַלט עס פאַר איבעריג אונטערצושטרייכען עס צופיעל, און באַמיהט זיך בעסער אַרוים־צוברענגען די מיאוס׳קייט און באַווייזען די שעדליכקייט פון זיין נעגאַטיווען געגענטייל. אויפריכטיגקייט און חנופה גע־הערען צו אָט דער דאָזיגער קאַטעגאָריע.

די אידישע עטיק באַטראַכט אויפריכטיגקייט פאַר אַ זעל־בסטפאַרשטענדליכער נויטווענדיגקייט. ווען יוסף באַקענט זיך אין מצרים צו זיינע ברידער, און ער וויל אַז זיי זאָלען איהם גלוי־בען, ווענדעט ער זיך צו זיי און זאָגט „כי פי המדבר אליכם" — מיין מויל רעדט צו אייך, — און דער תלמוד קאָמענטירט „כפי כן לבי" — וואָס איך זאָג מיט מיין מויל און וואָס איך טראַכט אין האַרצען איז איינס און דאָס זעלבע.

האָט די אידישע עטיק אַנידערגעלייגט דעם קאַרדינאַלען

פרינציפ פון „תוכו כברו״, אז דעם מענשענ׳ס מויל און הארץ, זיינע ווערטער און זיינע געדאנקען מוזען הארמאנירען. אויב מען וויל עפעס זאגען, מוז מען זאגען דאס וואס מען דענקט. יעדער מענש איז אויפגעפאדערט צו פראקטיצירען די דאזיגע קארדינאלע אייגענשאפט. די אידישע עטיק געהט אפילו אזוי ווייט און באהויפטעט אז ניט נאר איז דאס ניט־פראקטיצירען אויפריכטיגקייט באזונדערס מיאוס, נידערטרעכטיג און אפשייליך אין דעם פאל פון דעם אינטעלעקטואל, נאר זי באהויפטעט גאנץ קלאהר אז א תלמיד חכם וועלכער פראקטיצירט ניט אויפריכטיגקייט איז ניט קיין תלמיד חכם; נאכמעהר, ער ווערט באצייכענט אלס „אומווירדיגקייט״.

באזונדערס אויסגעשפראכען איז די אידישע עטיק געגען פראקטיצירען די העסליכע, און אפט מאל, שעדליכע אייגענשאפט פון שמייכלעריי, פון חנופה. דער פארפאסער פון תהלים האט שוין אויסגעשריגען: זאל גאט פארשניידען אלע חנופה׳דיגע לעפצען. ווארום ווי זאגט דער פארפאסער פון משלי: „ופה חלק יעשה מדחה״ — און א „גלאט״ מויל רואינירט. און דער זעלבער פארפאסער פון משלי זאגט אויף אן אנדער שטעלע: „גבר מחליק על רעהו, רשת פורש על פעמיו״ — דער וועלכער חנפ׳עט דעם צווייטען, פארשפרייט א נעץ פאר זיינע טריט.

די אידישע עטיק קלאסיפיצירט שמייכלער אין פארשידענע קאטעגאריעס. עס זיינען פאראן אזעלכע, וועלכע חנפ׳ענען דעם צווייטען נאר צוליב דעם זיי זאלען אויסנעמען אין יענעמס אויגען — צוליב פרעסטיזש. אנדערע חנפ׳ען איינפלוסרייכע מענשען כדי דורך דעם צו דערגרייכען א פיהרענדע ראלע אין סאציאלען, ארגאניזאציאנעלען, אדער אין אן אנדער צווייג, פון לעבען. עס זיינען אויך פאראן אזעלכע וועלכע חנפ׳ען דורך זיך פיהרען עפענטליך רעליגיעז, בעת אין תוך זיינען זיי אנדערש, נאר מיט דעם צוועק צו דערגרייכען א פיהרענדע ראלע אין דעם רעליגיעזען לעבען. אבער צו וואס פאר א קאטעגאריע

דער חונף זאָל ניט געהערען, באַטראַכט איהם אַלץ די אידישע עטיק פאַר אַ שעדליכען מיטגליד אין דער מענשליכער געזעל־שאַפט.

דער פאַרבאָט צו גנב'ענען איז איינער פון די צעהן געבאָט, פונדעסטוועגען געהט די אידישע עטיק אַזוי ווייט און באַהויפּ־טעט אַז חנופה איז אונאַנשטענדיגער פון גנבה. וואָרום אַ גנב גנב'עט דאָך בלויז געלד, אָדער ווערטפולע זאַכען, אָבער אַ שמייכלער גנב'עט דעם מענשענ'ס געדאַנק.

איז קיין וואונדער ניט וואָס דער שמייכלער, דער חונף, דער וועלכער רעדט איין זאַך מיט דעם מויל און אַן אַנדער זאַך מיט דעם הארץ, איז איינער פון די דריי קלאַסען מענשען וועל־כע כביכול האָט פיינד. און אויסער דעם געהערען שמייכלער צו די פיער קאַטעגאָריעס מענשען וועלכע קענען ניט מקבל זיין די שכינה. און די אידישע עטיק פאָדערט און באַהויפּטעט אַז אַזעלכע דאַרף מען פובליצירען צוליב חילול השם. די אונוואונ־שענסווערטע אייגענשאַפט פון שמייכלען דעם צווייטען ווערט אין דער אידישער עטיק באַטראַכט פאַר אַ זעהר שווערע זינד. די אידישע עטיק באַטראַכט עס פאַר אַזאַ הארבע זינד ווי דינען פרעמדע אָפּגעטער, פיהרען אַן אונאַנשטענדיג לעבען און פאַרגי־סען מענשליך בלוט. נאָכמעהר, דער וועלכער חנפ'עט דעם צווייטען ווערט אין דער אידישער לעהרע באַטראַכט אַלס ני־דעריגער פון דעם וועלכער דינט פרעמדע אָפּגעטער. וואָרום ווען איינער דינט פרעמדע אָפּגעטער, ווייסען עס אַלע מענשען, און זיי ווייסען ווי זיך צו באַציהען צו איהם. דאַגעגען, אָבער, מיט דעם חנופה'ניק, מיט דעם שמייכלער, ווייסט מען ניט ווי זיך אויפצופיהרען, ווייל מען קען דאָך ניט וויסען צי מיינט ער עס אויפריכטיג צי ניט.

געהט טאַקע די אידישע עטיק אַזוי ווייט און באַהויפּטעט קלאָהר און דייטליך אַז דער וועלכער פּראַקטיצירט חנופה איז גלייך ווי ער איז עובר אויף דער תורה שבכתב און די תורה

שבעל פה — ער פאַרשוועכט אַלע געזעצען פון דער אידישער רעליגיע און עטיק. איז טאַקע דער שמייכלער אַזוי פאַרהאַסט אין דער אידישער עטיק אַז אפילו עמבריאָס (נפל'לעך) אין דער מוטער'ס טראַכט שעלטען איהם.

לויט דער אידישער עטיק טאָר מען ניט חנפ'ענען קיין שום מענשען. דער תלמוד דערצעהלט אונז אַז ווען דער קיסר אַג-ריפּס האָט אין אַ סוכות זיך צעוויינט ביי אַ געוויסען פּסוק, און די חכמים האָבען איהם געלויבט און צו איהם געזאָגט „האָב ניט קיין מורא, אגריפּס, דו ביזט אונזער ברודער”, איז אין יע-נער שעה די אידען געקומען פאַרלענדונג, ווייל זיי האָבען גע-חנפ'עט אגריפּס'ן.

אויך פון סאָציאַלען שטאַנדפּונקט איז שמייכלעריי אַן אומ-גליק פאַר דער מענשהייט. פון דעם מאָמענט אָן ווען די פּויסט פון חנופה איז געוואָרען שטאַרק, איז די גערעכטיגקייט קאָ-רופּטירט געוואָרען, און די מענשליכע מעשים זיינען קאַליע גע-וואָרען. די אידישע עטיק איז זעהר אויסגעשפּראָכען געגען דער שווידערליכער און אונאַנשטענדיגער אייגענשאַפט פון חנופה, אויך פון דעם נאַציאָנאַלען און אינטערנאַציאָנאַלען שטאַנד-פּונקט. פאַר דעם נציאָנאַלען און אוניווערסאַלען וואוילזיין איז עס אַבסאָלוט נויטיג צו אויסראָטען יעדען צייכען פון שמייכ-לעריי. ניט נאָר אוים עטישע גרינדען נאָר אויך צוליב פּראַקטישע צוועקען. די אידישע עטיק באַהויפּטעט, אַז דער חונף ברענגט צאָרן אויף דער וועלט. נאָכמעהר, יעדע געמיינדע וועלכע פּראַק-טיצירט שמייכלעריי איז ניט בלויז אַ העסליכע קהלה, נאָר זי מוז פריהער אָדער שפּעטער פאַרטריבען ווערען. חנופה, אַלזאָ, פיהרט צו נאַציאָנאַלען אומגליק.

און אויך פון אַ ריין פּערזענליכען שטאַנדפּונקט לוינט עס זיך ניט צו פּראַקטיצירען די וויסט ניט שעהנע און שעדליכע אייגענשאַפט פון חנפ'ען. ערשטענס ווערען דעם חנופה'ניקס תפלות ניט פאַרנומען. און צווייטענס, פאַר חנופה קומט דאָך

גיהנום. אַט דאָס באַווייזט, אגב, נאָך אַמאָל די פעסטע ענטשלאָסענקייט מיט וועלכער די אידישע עטיק וויל אויסראַטען און אויסוואָרצלען יעדען שפור פון שמייכלעריי.

גאַנץ איינפאַך, דער חונף איז דאָך בלויז אויסען מיט זיין שמייכלעריי צו אויסנעמען אין דעם צווייטען׳ס אויגען, איז אָבער אין דער ווירקליכקייט דער רעזולטאַט פונקט פאַרקעהרט. דער פאַרפאַסער פון משלי האט שוין באַהויפּטעט אַז „דער וועלכער שטראָפט עמיצען וועט שפּעטער געפונען מעהר חן איידער דער וועלכער האָט אַ גלאַטע צונג״.

דער תלמוד געהט נאָך ווייטער און באַהויפּטעט, אַז דער וועלכער שמייכעלט דעם צווייטען מוז פריהער אָדער שפּעטערליידען די קאָנסעקווענצען פון זיין אונאַנשטענדיגען טאַט און אריינפאַלען אין די הענט פון דעם געשמייכעלטען, אָדער אין די הענט פון זיינע נאָכקומענדע. די אידישע עטיק מיינט דערמיט פשוט אונטערצושטרייכען אַז „סוף חונף לתליה״.

וואָלט טאַקע דאָס לעבען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט געווען פיעל אנגענעמער און באַקוועמער ווען אַלע איהרע מיטגלידער וואָלטען איינמאָל פאַר אַלע מאָל געפאָלגט די לעהרעם פון דער אידישער עטיק און אויפגעהערט חנפ׳ענען איינער דעם צווייטען, און אָנגעהויבען צו פּראַקטיצירען די איידעלע, נאָבעלע אייגענשאַפט פון אויפריכטיגקייט און אָפענהערציגקייט פון מענש צו מענש. עס וואָלט געווען אַ ברכה פאַר דעם נאַציאָנאַלען און אינטערנאַציאָנאַלען לעבען ווי אויך פאַר די אינטערעסען פון דעם אינדיווידיאום, דעם איינצעלנעם מענשען.

# לשון הרע

עס זיינען פאַראַן שלעכטע האַנדלונגען און באַנעמונגען וואָס אַ מענש באַגעהט אין זיין לעבען, וועלכע שאַדען בלויז איהם אַליין. נאָר יענער, וועלכער באַגעהט די ניט-לויבענסווערטע האַנדלונג, אָדער פיהרט זיך ניט אויף קאָנווענציאָנעל, ליידט דערפון. ווען איינער, צום ביישפּיל, איז אַראָגאַנט (חוצפּה׳דיג), איז ווען, אַ שטייגער, געהט עס אָן? ער אַליין שניידט די פּרוכט פון זיין פאַרזייען; ער אַליין ליידט די קאָנסעקווענצען, די פאָלגען.

פאַראַן האַנדלונגען און אויפפיהרונגען, וועלכע גרעניצען זיך אָבער מיט דעם וואוילזיין פון דעם צווייטען מענשען. ווען איינער, צום ביישפּיל, גנב׳עט אָדער באַליידיגט מענשען, ליידט, פאַרשטעהט זיך, דירעקט דער באַטרעפענדער צווייטער מאַטעריעל אָדער מאָראַליש.

עס איז פאַראַן, אָבער, אויך אַ סאָרט האַנדלונג פון וועלכער אַ דריטער מענש, וועלכער איז לחלוטין ניט אַנוועזענד דערביי, ליידט מאָראַליש, אָדער זיין רעפּוטאַציע ווערט דערפון אַזוי געשעדיגט, אַז עס פאַראורזאַכט איהם מאַטעריעלען שאַדען.

לשון הרע, רעדען שלעכטס אויף אַ מענשען אָדער טראָגען פּליאַטקעס, איז אַזא סאָרט האַנדלונג פון וועלכער דריי מענשען ליידען. קודם כל ליידט דער לשון הרע׳ניק אַליין, ווייל ער אַליין באַקומט אַ שלעכטען נאָמען. דאַן ליידט דערפון דער צוהערער, ווייל ערשטענס, ווערט ער פאַרפיהרט, און, צווייטענס, פּאַסירט עס, אַז ער ווידערהאָלט דעם לשון הרע צו אַנדערע מענשען. און דער דריטער מענש וועגען וועמען דאָס שלעכטס איז גערעדט געוואָרען, ליידט, פאַרשטעהט זיך, נאָך מעהר פון זיי ביידע. אַ

מאָל ליידט ער מאַטעריעל, אַ מאָל מאָראַליש, און אַמאָל דאָפּעלט — מאַטעריעל און מאָראַליש.

פאַרוועהרט טאַקע די אידישע לעהרע אויף דעם שטרענג־סטען אופן די העסלעכע און שעדלעכע אייגענשאַפט פון רעדען לשון הרע. דער פאַרבאָט געפינט זיך קלאָר און דייטליך אין דער תורה: „לא תלך רכיל" — זיי ניט קיין פּליאַטקע־טראָגער, געה ניט אַרום באַרעדען מענשען. דאָס איז אַ קלאָהרער פאַר־באָט אין דער תורה. און דער דיכטער פון תהלים שרייט אויס: „נצר לשונך מרע ושפתיך מדבר מרמה" — היט דיין צונג פון שלעכטס און דיינע לעפצען פון רעדען פאַלשקייט.

אַזוי פאַרזיכטיג דאַרף אַ מענש זיין מיט זיין רעדען, אַז דער פאַרפאַסער פון משלי זאָגט אונז: „מות וחיים ביד לשון" *) — טויט און לעבען איז אין דער צונג. די חכמים ז"ל דערצעהלען אונז אַן עפּיזאָד, וועלכער אילוסטרירט אויף אַ גלענ־צענדען אופן די וויכטיגקייט פון זיין פאָרזיכטיג מיט דער צונג. רבן (שמעון בן) גמליאל האָט געבעטען זיין קנעכט טבי ער זאָל געהן אין מאַרק אַריין און קויפען עפּעס אַ גוטע זאַך צום עסען. איז ער געגאַנגען און געקויפט אַ צונג. האָט ער איהם געבעטען געהן קויפען אַ שלעכטע זאַך, איז טבי געגאַנגען און ווידער גע־קויפט אַ צונג. פרעגט ער טבי'ן: „וואָס אייגענטליך זאָל דאָס באַדייטען? איך האָב דיך געבעטען קויפען אַ גוטע זאַך, האָסטו געקויפט אַ צונג, האָב איך דיך געבעטען קויפען אַ שלעכטע זאַך, האָסטו ווידער געקויפט אַ צונג?" האָט טבי געענטפערט: „פון דער צונג קומען ביידע זאַכען, גוטס און שלעכטס, איז עס גוט, איז קיין בעסערס ניט פאַראַן, איז עס שלעכט, איז קיין ערגערס ניטאָ".

די געפאַהר און שעדליכקייט וואָס לשון הרע טראָגט אין זיך ווערט קלאָהר אַרויסגעבראַכט אין דער שלאָגענדער גמרא־

*) דער פּאָפּולערער אויסדרוק „החיים והמות ביד הלשון" נעהמט זיך דערפון.

באהויפטונג „לשון הרע אומר ברומי וקטיל בסוריא” — מען רעדט לשון הרע אין רוים און עס פארניכטעט אין סוריא... אדער ווי די גמרא דריקט זיך אויס נאך שטארקער: לשון הרע הרג'עט דריי מענשען, דעם דערצעהלער, דעם צוהערער, און דעם באטרעפענדען — דעם וועגען וועמען דאס לשון הרע איז גערעדט געווארען. דערפאר, טאקע, דערקלעהרט אונז די אידישע לעהרע, געפינט זיך די צונג אונטער א דאפעלטען שלאס, איינעם פון ביין (די ציין) און איינעם פון פלייש (די ליפען).

די אידישע עטיק האסט אזוי שטארק לשון הרע, אז זי זאגט אונז אז לשון הרע'ניקעס קענען זיך ניט געפונען אין דער געגענווארט פון דער שכינה. ווארום כביכול זאגט: „אין אני והוא יכולין לדור בעולם” — איך און ער קענען ניט עקזיסטירען אויף דער וועלט. די צוויי קענען בשום אופן ניט געהן צוזאמען. און עס איז גאנץ פארשטענדליך, ווארום לויט דער אויפפאסונג פון דער אידישער לעהרע: „האומר לשון הרע אינו אומר עד שהוא כופר בעיקר” — א מענש רעדט ניט קיין לשון הרע ביז ער לייקענט אין גאט. אט אויף אזא נידעריגער שטופע שטעהט דער לשון הרע'ניק לויט דער אידישער אויפפאסונג.

און ווי באלד לשון הרע איז אזא געמיינע אייגענשאפט, פארשטעהט זיך, אז די שטראף פאר רעדען לשון הרע איז זעהר א הארבע. אונזער טויזענטער־יאהר אלטע ליטעראטור איז רייך אין ביישפילען, וועלכע ווייזען, אז אונזערע גרעסטע נאציאנאלע פערזענליכקייטען, און אפילו דאס אידישע פאלק אלס א גאנצעס, זיינען ניט געשאנעוועט געווארען פאר רעדען לשון הרע. יוסף האט גערעדט רכילות אויף זיינע ברידער, איז ער באשטראפט געווארען מיט דער פוטיפר־אפערע, ניט קוקענדיג דערויף וואס ער האט זוכה געווען צו אזא הויכען טיטול ווי „צדיק”. אונזערע אור־עלטערען האבען אויספראבירט גאט ניט וועניגער ווי צעהן מאל, אבער באשטראפט געווארען זיינען זיי בלויז פאר רעדען לשון הרע, און זיי זיינען פארשקלאפט געווארען אין מצרים.

מרים האָט גערעדט רכילות אויף משה רבינו, איז זי באַשטראָפט געוואָרען מיט אַ הויט-קראַנקהייט, כאָטש זי איז געווען משה רבינו'ס און אהרן הכהן'ס שוועסטער, די טאָכטער פון עמרם וועלכער איז געווען אַ „גדול הדור", און איז אַליין געווען אַ נביאה. די מרגלים האָבען גערעדט שלעכטס אויף ארץ ישראל, האָבען זיי איינגענומען אַ מיתה משונה און האבען ניט קיין חלק אין יענער וועלט. דערפאַר וואָס דוד המלך האָט זיך צוגעהערט צו לשון הרע, איז כאָטש פון איהם דאַרף אָפּשטאַמען משיח, איז ער דאָך באַשטראָפט געוואָרען, אַז זיין מלוכה איז צעטיילט געוואָרען, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז די אידען האָבען געדינט פרעמדע געטער, און זיי זיינען סוף כל סוף פאַרטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד. ישעיה הנביא האָט גערעדט לשון הרע אויף די אידען זאָגענדיג: „איך זיץ צווישען אַ פאָלק וואָס האָט אומריינע ליפּען", איז ער באַשטראָפט געוואָרען. המן האָט גערעדט לשון הרע אויף די אידען, האָט ער דערפאַר באַצאָהלט מיט דעם לעבען. נאָכמעהר, די חכמים געהען אַזוי ווייט און זאָגען, אַז לשון הרע ברענגט אויף דער וועלט טריקעניש און קראַנקהייטען.

עס איז ניט נויטיג, אויסצורעכענען אַלע ביישפּילען, וועלכע געפונען זיך אין אונזער רייכער ליטעראַטור. פון די אויבען דערמאָנטע אַליין איז גענוג צו זעהן ווי די אידישע עטיק ווענדעט אָן אַלע מעגליכע מיטלען אויסצוראטען מיט די וואָרצלען די שלעכטע מדה פון רעדען לשון הרע.

עס איז אַ פּרינציפּ אין דער אידישער עטיק ניט בלויז אָנצואווייזען און אונטערצושטרייכען דאָס אומאַנגענעמע, וואָס אַ שלעכטע אייגענשאַפט פאַראורזאַכט פאַר דער באַטרעפענדער פערזאָן, און אָפּטמאָל אויך פאַר דעם גאַנצען פאָלק און אפילו פאַר דער גאַנצער מענשהייט, נאָר זי ציהט אויך די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם גוטס, וואָס קומט אַרויס פון דעם ניט פּראַקטיצירען אַ שלעכטע מדה. מיר וועלען זיך באַניגען מיט בלויז

איין ביישפּיל, וועלכער אילוסטרירט, אַז פאַר ניט רעדען לשון הרע, ווערט מען פאַרגיטיגט. די חכמים דערצעהלען אונז, אַז ירבעם בן יואש, דער קעניג פון ישראל, האָט זוכה געווען גע־צעהלט צו ווערען צווישען די קעניגע פון יהודה, ווייל ער האָט זיך ניט צוגעהערט צו די פּליאָטקעס וואָס מען האָט איהם אונ־טערגעטראָגען אויף דעם נביא עמוס.

פונקט ווי עס איז אַבסאָלוט פאַרוועהרט צו רעדען לשון הרע, אַזוי איז עס קאַטעגאָריש פאַרוועהרט זיך צו צוהערען צו לשון הרע. מען טאָר עס ניט אונטער קיינע אומשטענדען און אונ־טער קיינע אויסריידען. מען טאָר זיך ניט „קליגען" און זאָגען צו זיך אַליין: „וואָס קען שאַדען, אַז איך וועל הערען, איך וועל דאָך סיי ווי עס ניט אָננעמען פאַר גוט געלט און געוויס ניט נאָכזאָגען", ניין! מען טאָר אפילו זיך ניט צוהערען, ווייל עפּעס קלעבט זיך דאָך צו. דערפאַר ראָט די אידישע עטיק זיך אינ־גאַנצען ניט צו צוהערען צו לשון הרע, ווייל דער צוהערער ווערט באַטראַכט ווי אַ שותף צום פאַרברעכען.

אויף אַ העכסט אינטערעסאַנטען אופן שילדערט די אידישע עטיק דעם סטאַטוס פון אַ לשון הרע'ניק. די גמרא דערצעהלט אונז: מען פרעגט דעם שלאַנג „וואָס פאַר אַ הנאה, אייגענטליך, האָסטו פון דיין בייסען? מילא דער לייב, דער וואָלף בייסען, פאַרצוקען זיי זייער קרבן און האָבען דערפון אַ הנאה, עס זע־טיגט זייער הונגער, אָבער דו, וואָס פאַר אַ הנאה האָסטו פון דיין בייסען?!" ענטפערט דער שלאַנג: „נו, און וואָס פאַר אַ הנאה האָט דער לשון הרע'ניק פון זיין באַרעדען דעם צווייטען?" מען פרעגט דעם שלאַנג: „פאַר וואָס איז עס אַז ווען דו בייסט, איז כאָטש דו בייסט בלויז איין אבר פילען עס דאָך אַלע אברים?" און דער שלאַנג ענטפערט: „מיך פרעגט איהר? געהט פרעגט דעם לשון הרע'ניק, וועלכער רעדט לשון הרע אין רוים און טויטעט אין סוריא."

און ניט נאָר לשון הרע, וואָס איז אַן און פאַר זיך אַ געמיינע

גראָבקייט, איז פאַרבאָטען צו רעדען, נאָר אפילו דערצעהלען א סוד איז אויף דעם שטרענגסטען אופן פאַרבאָטען אין דער אי־דישער עטיק, וואָס באַווייזט, אגב, נאָך אַ מאָל די זייד־דינע פיינ־קייט פון דער אידישער לעהרע. ווייל, ערשטענס, שעדיגט עס דאָך דעם דערצעהלער גופא, וואָרום זיין רעפּוטאַציע אַלס פאַר־טרויענסווערטער מענש ליידט דערפון, און צווייטענס, אַז מען דערצעהלט, לעגט מען דאָך שוין צו אין איין וועגס עפּעס אייגענס וואָס איז אַליין לשון הרע, אָדער וואָס פיהרט פריהער אָדער שפּעטער צו לשון הרע.

פאַר ווי נידערטרעכטיג די אידישע לעהרע באַטראַכט לשון הרע קען מען אַמבעסטען זעהן דערפון וואָס עס ווערט פאַרגליכען צו דינען פרעמדע געטער, הרג׳נען מענשען און צו אַן אויסגעלאַ־סען לעבען צוזאַמען. זאָגען טאַקע די חכמים, אַז ביידע, סיי דער וועלכער רעדט לשון הרע און סיי דער וועלכער הערט זיך צו צו לשון הרע „זיינען ווערט, אַז מען זאָל זיי וואַרפען צו די הינט״.

תשובה שפּילט אַ געוואַלדיגע ראָלע אין דער אידישער לעהרע און אין דעם אידישען לעבען. לויט דער אידישער טראַ־דיציע איז תשובה באַשאַפען געוואָרען נאָך פאַר דער וועלט־שאַפונג. אויב איינער איז געוועזען זיין גאַנץ לעבען אַ רשע, און צום סוף האָט ער תשובה געטאָהן אויף אַן אמת, העלפט עס. זאָגען אונז דאָך די חכמים, אַז אַ בעל תשובה שטעהט נאָך העכער פון אַ „צדיק גמור״. איז אויף כמעט אַלע עבירות העלפט תשובה אויב, פאַרשטעהט זיך, דער בעל תשובה מיינט עס ערנסט, אָבער לשון הרע איז איינע פון די עבירות אויף וועלכע תשובה העלפט ניט. אַט פאַר אַזוי נידערטרעכטיג באַטראַכט די אידישע עטיק די געמיינע אייגענשאַפט פון לשון הרע, אַז עס איז פאַר דעם ניט פאַראַן קיין שום אַנטשולדיגונג.

## ליבשאַפט און פיינדשאַפט

די אידישע עטיק טיילט איין ליבשאַפט אין פיער באַשטימטע קאַטעגאָריעס: ליבע צווישען גאָט און מענש, עקזאָטישע ליבע, ליבע צווישען עלטערען און קינדער, און ליבע צווישען מענש און מענש. איז עס זעהר אינטערעסאַנט, אַז די ליבשאַפט צווישען מענש און מענש איז, לויט דער אידישער לעהרע, אַ געבאָט, אַ מוז, פונקט ווי די ליבשאַפט צווישען מענש און גאָט. אַ מענש מוז אָנווענדען אַלע מיטלען ליב צו האָבען דעם מיט-מענשען. עס שטעהט אין דער זעלבער קאַטעגאָריע ווי דעם מענשען'ס חוב ליב צו האָבען דעם באַשעפער פון דער וועלט.

איז טאַקע מענשען-ליבע אַזוי וויכטיג אין דער אידישער עטיק, אַז די תורה שטעלט אַוועק דעם פּאָזיטיווען געבאָט „ואהבת לרעך כמוך" — דו זאָלסט ליב האָבען דעם מיט-מענשען ווי זיך אַליין. נאָכמעהר, די אידישע לעהרע הייסט אונז „ליב האָבען דעם פ ר ע מ ד ע ן ווי זיך אליין". ווען מיר זעהען מיט אונזערע אייגענע אויגען דעם וועלט-חורבן וואָס די ראַסען טעאָריע פון דעם „קולטורעלען" דייטשלאַנד און איהרע נאָכשלעפּער האָט געבראַכט אויף דער מענשהייט אין דעם אַזוי גערופענעם „ציוויליזירטען" צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, קען מען ערשט באַגרייפען די פונדאַמענטאַלע וויכטיגקייט פון דעם קאַרדינאַלען געבאָט „ליב דעם פרעמדען ווי זיך", וואָס די אידישע עטיק האָט אַוועקגעשטעלט אַלס פּרינציפּ מיט אַ דריי און אַ האַלב טויזענט יאָהר צוריק אין דער ווילדערניש!

און אָט דאָס געבאָט „ליב דעם מיט-מענשען ווי זיך אַליין" איז גלייך צו דער גאַנצער תורה. די דאָזיגע באַהויפּטונג האָט געמאַכט ניט קיין קלענערער ווי הלל הנשיא אַליין, ווי עס ווערט

אזוי קלאָהר ארויסגעבראַכט אין דעם פאָלגענדען באַקאַנטען אינטערעסאַנטען עפּיזאָד: ווען דער געצען־דינער איז געקומען צו הלל און געבעטען ער זאָל איהם אויסלערנען איינס־צוויי די גאַנצע תורה, האָט הלל איהם געזאָגט „דעלך סני לחברך לא תעביד, זו היא כל התורה כולה ואידך פירושה" — דאָס וואָס דו האָסט פיינט טו ניט דעם צווייטען, אָט דאָס איז די גאַנצע תורה און דאָס איבעריגע איז בלויז ערקלעהרונג. הלל'ס געדאַנק, אויסגעדריקט אין נעגאַטיווער פאָרם איז, אייגענטליך דאָס זעל־בע וואָס דער פּאָזיטיווער „ליב דעם מיט־מענשען ווי זיך אליין" לערנט אונז. און אָט דער אַל־הומאַניטאַרער און העכסט פיינער פּרינציפּ איז אַ געבאָט, וואָס איז גלייך צו דער גאַנצער תורה, און די אַלע אַנדערע געזעצען זיינען בלויז הילפס־מיטלען דאָס צו פאַרווירקליכען.

פאַרשטעהט זיך, אַז די ליבשאַפט צום צווייטען דאַרף זיך ניט אויסדריקען בלויז אין אַבסטראַקטע ווערטער. דאָס אַליין איז ניט גענוג. די ליבשאַפט דאַרף זיך שטיצען אויף קאָנקרעטע טאַטען. אויסער דעם דאַרף די ליבשאַפט זיין אַ ריינע, אַ זויבע־רע, אָהן וועלכע עס איז אויסרעכענונגען צוליב פּערזענליכע צוועקען. ווארום אַ ליבשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף וועלכען עס איז עגאָאיסטישען פּאַרצוג, קען ניט זיין דויערהאַפט. דער קלאַסישער מוסטער פון אַ ריינע פּניות'לאָזע ליבשאַפט צווישען מענש און מענש איז די אומבאַגרעניצטע, טרייע איבערגעגע־בענהייט, וואָס האָט עקזיסטירט צווישען דוד און יהונתן. ווען שלמה המלך וויל באַשרייבען די קראַפט פון ליבע, זאָגט ער: „ליבע איז אַזוי שטאַרק ווי דער טויט... פיעל וואַסערען קענען ניט אויסלעשען ליבע, און טייכען קענען זי ניט פאַרפלייצען". און ווען זיין פאָטער דוד באַקלאָגט דעם טויט פון זיין לעבענס־פריינד יהונתן, שרייט ער אויס: „וואונדערפול איז געווען דיין ליבשאַפט צו מיר, מעהר נאָך ווי די ליבע פון פרויען". אָט אַזוי שטאַרק דאַרף זיין די ריינע ניט־עגאָאיסטישע ליבשאַפט. די

גמרא דריקט אוים די קראַפט פון ליבשאַפט אין דעם קלאַסישען ווערטעל: „דאָרט וואו ליבע איז שטאַרק, איז דער שאַרף פון אַ שווערד ניט צו שמאָל פאַר צוויי, און דאָרט וואו די ליבשאַפט איז שוואַך, איז אַ געלעגער פון זעכציג איילען ניט ברייט גענוג״.

פאַרשטעהט זיך, אַז עס איז ניט אַזוי לייכט זיך צו פאַרשאַפען אַ ליבהאָבער, נעמליך, אַ געטרייען, איבערגעגעבנעם פריינד. אָבער ווען מען ערווערבט זיך שוין איינעם, דאַרף מען ניט אָננעמען אַלץ, וואָס דער פריינד זאָגט און טוהט פאַר גוט-געלט. די פריינדשאַפט דאַרף ניט זיין קיין בלינדע. ווארום „אהבה שאין עמה תוכחה אינה אהבה״ — אַ ליבע, וועלכע טראָגט ניט אין זיך דעם מוט אויפמערקזאַם צו מאַכען דעם צווייטען אויף אומלויבענסווערטע טאַטען אָדער אויפפיהרונגען, איז ניט קיין עכטע, קיין עהרליכע פריינדשאַפט.

די אידישע עטיק באַשטעהט דורכאוים, אַז די ליבשאַפט זאָל ניט זיין באַשרענקט צו געוויסע קלאַסען. אַ מענש טאָר ניט זאָגען, צום ביישפיל, איך וועל ליב האָבען געלעהרטע און האַסען איגנאָראַנטען. ניין. מען דאַרף ליב האָבען אַלע מענשען. אַזעלכע אויסדרוקען ווי „הוי מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות״ — נעם אויף יעדען מענשען פריינדליך, אָדער „הוי אוהב את הבריות״ — האָב ליב אַלע מענשען, זיינען קאַרדינאַלע פּרינציפּען אין דער אידישער עטיק. און צוליב עכטער, ריינער ליבשאַפט דאַרף מען פאַרבויגען אפילו דעם אייגענעם כבוד. איז עס דערפאַר זעהר וויכטיג, אַז אַלץ וואָס אַ מענש טוהט פאַר דעם צווייטען, זאָל ער עס טאָהן בלויז אוים ליבשאַפט.

און פּונקט ווי „יעדער וואָלקען האָט זיין גאָלדענעם אונטערשלאָג״, אַזוי האָט יעדע גוטע אייגענשאַפט איהר געגענטייל. די געגען-זייט פון ליב האָבען איז פיינט האָבען. איז מיט דער זעלבער אינטענסיטעט און באַשלאָסענהייט מיט וועלכער די אידישע עטיק באַפעהלט דעם מענשען ליב צו האָבען איינער דעם אַנדערען, מיט דער זעלבער אויסגעשפּראָכענקייט פאַר-

ווערהרט זי צו האסען דעם מיט-מענשען. „לא תשנא את אחיך בלבבך" — זאָלסט ניט האסען דעם מיט-מענשען אין דיין הארץ — איז א תורה געבאָט. נאָכמעהר, די אידישע לעהרע זאָגט אונז אָן „ווען דו באגעגענסט דיין פיינד'ס אָקס אָדער אייזעל בלאָנדזשען, זאָלסטו איהם צוריק ברענגען צו איהם". און „ווען דו זעהסט דיין פיינד'ס אייזעל זיך מוטשען אונטער זיין שווערע לאסט, זאָלסטו צולעגען אָן אָקסעל". אין אָט די דאָזיגע נאָבע־לע און הומאַניטאַרע לעהרעס שפּיגעלט זיך אָפּ די זויבערע, קריסטאַל־ריינע אײדעלקייט, די פונדאַמענטאַלע מענשליכקייט וואָס די אידישע עטיק לערענט. אויב איינער האָט שוין יאָ א פיינד, טאָר ער אונטער קיינע אומשטענדען ניט אויסלאָזען זיין גרימצאָרן צום פיינד'ס אומשולדיגער שטומער צונג.

אויסער דעם וואָס פיינד האָבען דעם צווייטען איז ניט עטיש, ניט סאָציאַל, און געווים ניט גוט פאַר דער געזעלשאַפט, לוינט עס זיך ניט צו פּראַקטיצירען פיינדשאַפט פון א ריין פּערזענלי־כען שטאַנדפּונקט. די אידישע לעהרע באַזיצט גענוג היסטאָ־רישע ביישפּילען דערפאַר. איז קיין וואונדער ניט וואָס די אידי־שע לעהרע סומירט עס אין דער קורץ־געפאַסטער, אָבער שלאָ־גיגער באהויפּטונג, „פיינדשאַפט איז דעם מענשען'ס רואיני־רונג".

אויך פאַר דעם נאַציאָנאַלען וואוילזיין איז פיינדשאַפט אומ־געוואונשען. אונזערע חכמים ז"ל דערצעהלען אונז, אז די שלעכ־טע באהאנדלונג, וואָס איינער איז באַגאַנגען געגען זיין פיינד בר קמצא, האָט געפיהרט צו דער פאַרוויסטונג פון דער שטאָדט ירושלים. דערפאַר טאָקע ראָט אונז די אידישע עטיק זיך צו דערווייטערען פון תרעומות, פון פאַרדראָס, ווארום פאַרדראָס איז אָפט מאָל די מוטער פון פיינדשאַפט, און פיינדשאַפט איז דעם מענשען'ס גרעסטער פיינד.

בילדונג אין אידענטום איז א זעהר וויכטיגער פאַקטאָר, און דער תלמיד חכם, דער אינטעלעקטואַל, ווערט שטאַרק רעס־

פּעקטירט. זיינען מיר באַזונדערס געוואָרענט ניט פיינד צו האָ־
בען דעם געלעהרטען. מען קען דורך דעם פאַרלירען עולם הבא.
אָבער גאָר אויסגעשפּראָכען איז אונזער עטיק געגען פיינד־
שאַפט אין דעם אייגענעם פאַמיליען קרייז. „דער, וועלכער האָט
פיינד זיין פרוי, איז גלייך ווי ער פאַרגיסט בלוט".

און פּסיכאָלאָגיש גערעדט איז דאָך פיינדשאַפט ניט מעהר
ווי אַ מענשליכע שוואַכקייט. אַ מענש מיט אַ שטאַרקען כאַ־
ראַקטער וועט זיך ניט לאָזען פאַרפיהרען פון דער שלעכטער
און געפעהרליכער מדה פון פיינד האָבען דעם צווייטען, און ער
וועט שטענדיג באַווייזען עס בייצוקומען. ווייל וואָס אייגענט־
ליך איז דער אורשפּרונג פון פיינדשאַפט? פון וואַנען נעמט עס
זיך? דורך וואָס ווערט עס אַרויסגערופען? מעהרסטענטיילס
איז עס דאָך די קאָנסעקווענץ פון נאַרישע, אומגעלומפּערטע,
באַזיסלאָזע פּליאָטקעס, פון „גערעדט־און־געזאָגט" און ניט מעהר.
אַ מענש מיט שכל און כאַראַקטער פאַרלירט ניט דעם קאָפּ און
לאָזט זיך ניט פאַרפיהרען. און אפילו ווען איינער טוהט דעם
אַנדערען אַ קריוודע, איז אויב דער געקריוודעטער איז אַ מענש,
וואָס איז ווערט צו טראָגען דעם נאָמען „מענש", וועט ער רעאַ־
גירען דערויף אויף אַזאַ אופן, אַז דער זינדיגער וועט חרטה האָ־
בען אויף זיין אומגעוואונשענעם טאַט און זייערע גוטע באַצי־
הונגען וועלען נאָך אפשר פאַרשטאַרקט ווערען.

לערענט אונז טאַקע אונזער עטיק: „איזהו גבור מי שעשה
שונאו אוהבו" — ווער איז שטאַרק, ווער איז אַ מענש מיט כאַ־
ראַקטער, דער וועלכער קען מאַכען אַ פריינד פון אַ פיינד. אין
דער אידישער עטיק שפּילט פיזישע שטאַרקייט קיין שום ראָ־
לע ניט. דאַגעגען גייסטיגע, מאָראַלישע, אינטעלעקטועלע און
עטישע שטאַרקייט ווערט שטאַרק געלויבט און איז זעהר גע־
וואונשען. און צו מאַכען פון אַ פיינד אַ פריינד פאָדערט זיך
מאָראַלישע שטאַרקייט, פּערזענליכקייט און כאַראַקטער.

פונקט ווי ליבשאַפט און אַלע אַנדערע אַבסטראַקטע גוטע

איינגענשאַפטען האָבען פאַרשיידענע שטופען, אַזוי זיינען אויך פאַראַן פאַרשיידענע מינים פיינדשאַפט. דער ערגסטער און גע־פעהרליכסטער סאָרט פיינדשאַפט איז שנאת חנם, פיינד האָבען אַ מענשען אָהן אַ פאַרוואָס און אָהן אַ פאַרוועןּ. די דאָזיגע אַרט פיינדשאַפט איז פון דעם ערגסטען סאָרט. עס טראָגט אין זיך די געפעהרליכסטע קאָנסעקווענצען. ניט נאָר איז דאָס געפעהר־ליך פאַר דעם אינדיווידועלען מענשען, נאָר עס שטעלט אין דער העכסטער געפאַהר אונזער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. דערצעהלט אונז טאַקע אונזער טויזענטער יאָהר אַלטע ליטעראַטור, אַז „כאָטש אין דער צייט פון דעם צווייטען בית המקדש האָט מען געלערענט תורה און אָפּגעהיט די מצוות, איז עס אָבער חרוב געוואָרען דורך שנאת חנם; און דאָס לערענט אונז, אַז שנאת חנם איז גלייך צו דינען די עבודה זרה, צו פיהרען אַן אונאַנשטענ־דיג, אויסגעלאַסען לעבען, און צו פאַרגיסען אומשולדיג מענש־ליך בלוט״.

מיט וואָס פאַר אַ שאַרפער אויסגעשפּראָכענקייט די אידישע עטיק האַלט אין איין וואָרענען געגען דער געפעהרליכער איי־גענשאַפט פון שנאת חנם, קען מען זעהן פון איהר באַהויפּטונג: „דורך דער זינד פון שנאת חנם מעהרען זיך צאַנקערייען אין דער פאַמיליע, די פרוי איז מפּיל, און די קינדער שטאַרבען יונ־געררהייט״. אָט די דאָזיגע שטאַרקע ווערטער באַווייזען קלאָר און דייטליך מיט וועלכער פאַראַכטונג, אבשוי די אידישע עטיק קוקט אויף דער העסליכע מדה פון אומזיסטער פיינדשאַפט.

די אידישע עטיק, אַלזאָ, האַלט אַז: „דער וועלכער האָט פיינד דעם מיט־מענשען איז פונקט ווי ער וואָלט פאַרגאָסען אידיש בלוט״.

איז שוין טאַקע די העכסטע צייט, אַז מיר אידען זאָלען אָנ־הויבען פאַרווירקליכען אָט די טעאָרעטישע לעהרע אין פּראַק־טישען אַלטעגליכען לעבען. עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלען זיך אַ נעהם טאָהן אויסצוראָטען די געמיינע און געפעהרליכע

מדה פון פיינדשאפט, וווייניגסטענס אין אונזערע אייגענע רייהען, און אָנהויבען צו פּראַקטיצירען פריינדשאַפט. אַן עכטע, ריינע, פּניות'לאָזע פריינדשאַפט צווישען מענש און מענש איז דער שטאַרקסטער באַנד, דער פונדאַמענטאַלסטער באַזיס פאַר א געזונטע, נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. עס וואָלטען זיכער דערפון פּראָפיטירט סיי דער איינצעלנער, סיי דער כלל, סיי ר' ישראל און סיי כל ישראל.

# רחמנות און גרויזאמקייט

דער צוועק פון דער אידישער עטיק, ווי פון עטישע לעהרעס אין אַלגעמיין, איז צו לערנען דעם אידען פיהרען אַזאַ ארט לעבען, וואָס זאָל איהם ברענגען צופרידענהייט און גליק. עטיק איז, אַלזאָ, די בריק, וועלכע פיהרט דעם מענשען צו אן אנגענעמע דיספּאָזיציע, צו אן אַלטעגליך גליקליך לעבען. אַזוי ווי דער מענש איז אַ טייל פון דער געזעלשאַפט מיט וועמענס מיטגלידער ער מוז קומען יעדען טאָג אין באַריהרונג, האָט די אידישע עטיק אונז באַזאָרגט מיט רעגולאַציעס און פאַרשריפטען, וועלכע זאָלען אונז דינען אַלס וועג-ווייזער ווי אונז צו מאַכען גליקליך, ווי אַזוי צו פיהרען אַ געזונט, מאָראַליש און עטיש לעבען, וואָס זאָל זיין אַ גליק סיי פאַר דעם יחיד און סיי פאַר דער געזעלשאַפט.

יעדער מענש איז דאָך ניט מעהר ווי אַן אַטאָם, אַ טייל פון דער געזעלשאַפט, איז אויב יעדער מענש באַזונדער איז גליקליך, דינט עס אַלס באַזיס, אַלס פונדאַמענט פאַר דעם גליק פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, און עס פיהרט שוין, במילא, צו אַ געזונטער עקזיסטענץ פון דעם גאַנצען פאָלק. עס איז, אַלזאָ, קלאָר, אַז אַ געזונטע, דויערהאַפטע, נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק אַלס אַ א י ד י ש פאָלק, איז אַבסאָלוט אָפּהענגיג פון דעם גליק פון דעם איינצעלנעם מענשען. עס איז, אָבער, פון גרויס וויכטיגקייט, אַז יעדער אינדיווידועלער מענש זאָל זיך באַמיהען, אַז ניט נאָר ער, נאָר אויך דער מיט-מענש זאָל זיין צופרידען מיט זיין שיקזאַל. די אידישע עטיק באַטראַכט דערייבער באַרמהערציגקייט אַלס אַן הויפּט-פאַקטאָר, וועלכער קען זעהר פיעל בייטראָגען צום מיט-מענשען׳ס גליק.

די אידישע עטיק, ווי די אידישע רעליגיעזע לעהרע, באַטראַכט גאָט אלס דאָס פּערפעקטעסטע אין דעם אוניווערס, אין דער גאַנצער וועלט, דאָס העכסטע פון אַלץ, וואָס איז גוט און וואונשענסווערט אין דעם ברייטסטען און טיפסטען זין פון וואָרט, און מיר, זיינע באַשעפענישען, דאַרפען איהם נאָכטאָהן. דער סימבאָל פון בארמהערציגקייט איז גאָט אַליין. ווי ווייט דער אידישער באַגריף וועגען גאָט'ס בארמהערציגקייט געהט, קען מען זעהן דערפון וואָס זי באַצייכענט גאָט מיט דעם נאמען „רחמנא” — ער איז, נעמליך, די בארמהערציגקייט אַליין. דערצעהלט אונז אונזער לעהרע, אַז ווען גאָט האָט געהאַלטען ביים באַשאַפען די וועלט, האָט ער איינגעזעהען, אַז אָהן דער אייגענשאַפט פון בארמהערציגקייט וועט די וועלט ניט קענען עקזיסטירען, האָט ער גענומען רחמנות אַלס שותף. און ווען ער זעצט זיך אויף דעם ריכטער שטוהל צו פּראַצעסירען די וועלט און זעהט, אַז זי פאַרדינט פאַרלענדונג, הויבט ער זיך אויף פון דעם שטוהל פון געזעץ און זעצט זיך אויף דעם שטוהל פון רחמנות, און ער אורטיילט לויט זיין בארמהערציגקייט און ניט לויט די טאַטען פון די מענשען.

אויסער דעם וואָס בארמהערציגקייט און מיטלייד מיט אַ שוואַכערען, אָרימערען, נידערגעשלאָגענעם, אומגליקליכען מענשען איז אַן און פאַר זיך איינע פון די פיינסטע, איידעלסטע און מענשליכסטע אייגענשאַפטען, איז דאָס אַן אַבסאָלוט נויטווענדיגער פאָרבאַדינג פאַר אַ גליקליכער עקזיסטענץ, סיי פאַר דעם אינדיווידועלען מענשען, סיי פאַר דער פאַמיליע און סיי פאַר דעם גאַנצען פאָלק. די אידישע עטיק פאָדערט דורכאויס, אַז דער מענש זאָל בויען זיין לעבענס-וועג אויף בארמהערציגקייט, אויף מיטלייד און סימפּאַטיע מיט דעם צווייטען. וואָס שוואַכער אַ מענש איז, אין וועלכען עס איז צווייג פון לעבען, אַלץ מעהר סימפּאַטיע דאַרף מען איהם אַרויסווייזען. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָרט וואו נויטיג, דאַרף זיך דאָס מיטלייד-געפיהל אויסדריקען טאַקע

אין קאָנקרעטער הילף. עס זיינען פאַראַן, אָבער, אויך פאַלען וואו אפילו בלויז אַ סימפּאַטיש וואָרט אין דער ריכטיגער צייט קען לייכטער מאַכען אַ מענשען׳ס ליידענד געמיט.

די אייגענשאַפט פון בארמהערציגקייט דאַרף מען שוין אָנ-הויבען פּראַקטיצירען אין דעם אייגענעם פאַמיליען קרייז. ווען די אידישע עטיק וויל געבען אַ מוסטער פון עהרליכער, עכטער בארמהערציגקייט, באַנוצט זי דעם אויסדרוק „כרחם אב על בנים״ — ווי אַ פאָטער דערבאַרעמט זיך אויף זיינע קינדער. געוואוינט מען זיך צו פּראַקטיצירען אָט די נאָבעלע אייגענשאַפט ביי זיך אין הויז, וועט מען שוין אויטאָמאַטיש, פון זיך אַליין, אָנווענדען די מדה אויך צו אַנדערע מענשען. די אידישע עטיק, וועלכע האַלט אַז אַ געזונט, פערזענליך, געזעלשאַפטליך און נאַ-ציאָנאַל לעבען קען עקזיסטירען נאָר דעמאָלט ווען עס איז באַ-זירט אויף אַלטרואיסטישע, געגענזייטיגע, פּרינציפּען, לערענט אונז, אַז אויך אין באַצוג אויף רחמנות דאַרף מען פריהער און פאַר אַלץ אין זינען האָבען דעם מיט-מענשען. זי באַהויפּטעט, אַז „יעדער מענש וועלכער בעט רחמים פאַר דעם צווייטען, בעת ער אַליין נויטיגט זיך אין דעם זעלבען, וועט ער פריהער געהערט ווערען״.

אום צו באַווירקען, אַז עס לוינט זיך אפילו צוליב ריינע פערזענליכע צוועקען צו פּראַקטיצירען די מענשליכע אייגענ-שאַפט פון בארמהערציגקייט, זאָגט אונז די אידישע לעהרע: „דער, וועלכער דערבאַרעמט זיך אויף מענשען, דערבאַרעמט מען זיך אויף איהם אין הימעל״. און אויף ווי ווייט די אידישע עטיק גלאָריפיצירט בארמהערציגקייט, קען מען זעהן דערפון וואָס זי האָט באַשאָנקען די אידען מיט דעם טיטול „רחמנים בני רחמנים״ — בארמהערציגע, אָפּשטאַמיגע פון בארמהערציגע. אָדער ווען די אידישע לעהרע וויל כאַראַקטעריזירען דאָס אידישע פאָלק, רעכענט זי „רחמנים״ — בארמהערציגע — אַלס איינעם פון זיינע דריי ספּעציפישע כאַראַקטער-שטריכען. און מיט באַ-

צוג אויף דעם אינדיווידועלען מענשען זאָגט זי „דער וועלכער האָט מיטלייד מיט אַנדערע מענשען שטאַמט, ווי באַוואוסט, פון אברהם אָבינו׳ס קינדער״.

עס איז זעהר וויכטיג צו באַמערקען, אַז די אידישע עטיק קען זיך ניט פאָרשטעלען, אַז אַ פיהרער ביי אידען זאָל ניט באַזיצען די אַבסאָלוט נויטיגע אייגענשאַפט פון באַרמהערציגקייט. אום צו אילוסטרירען און שאַרף אונטערצושטרייכען, אַז רחמנות איז אַ נויטיגער פאָרבאַדינג פאַר פיהרערשאַפט, דערצעהלט אונז אונזער ליטעראַטור דעם פאָלגענדען ריהרענדען עפּיזאָד: ווען משה רבינו האָט געפּאַשעט זיין שווער יתרו׳ס שאָף אין דער מדבר, איז אַ שעפּעלע אַנטלאָפען פון דער טשערעדע, און משה איז עס נאָכגעלאָפען. ווען דאָס שעפּעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ טייכעל צו טרינקען, האָט משה געזאָגט צו דעם מיט אַ מיטליידס-געפיהל „איך האָב ניט געוואוסט אַז דו ביזט געווען דורשטיג, איצט ביסטו דאָך געווים מיד״, און אַזוי רעדענדיג האָט ער עס אַרויפגעלעגט אויף דעם אַקסעל און עס צוריקגעטראָגען צו דער טשערעדע. האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן: „דו האָסט אַרויסגעוויזען אַזוי פיעל רחמנות צו די שאָף פון מענשען, וועסטו ווערען דער פאַסטוך פון מיינע שאָף ישראל״.

ווען די אידישע עטיק רעקאָרדירט אַן עפּיזאָד, איז זי ניט אויסען דערמיט צו דערצעהלען גלאַט אַ מעשה נאָר זי וויל אַרויסברענגען די מאָראַל דערפון. אום צו אילוסטרירען אַז אַן אַקט פון רחמנות קאָן אַמאָל ראַטעווען אפילו אַ גאַנץ פאָלק פון אונטערגאַנג, לעזען מיר אין אונזער אגדה׳שער ליטעראַטור דאָס פאָלגענדע: ר׳ אליעזר בן שמוע האָט שפּאַצירט ביים ברעג פון דעם מיטעללענדישען ים און דערזעהען ווי אַ שיף איז פּלוצים געזונקען, און בלויז איין מענש האָט זיך געראַטעוועט. דער געראַטעוועטער האָט געבעטען ר׳ אליעזר׳ן אַ מלבוש, האָט ער איהם געגעבען, איהם מיטגענומען מיט זיך אַהיים און איהם געגעבען עסען און טרינקען און צוויי הונדערט רענדלעך און מיט

גרויס כבוד איהם באגלייט. אין א צייט ארום האט דער גערא־טעוועטער באשטיגען דעם טראָן פון דעם פארשטארבענעם קיסר, און ער האט ארויסגעגעבען א באפעהל צו טויטען אלע מענער פון א געוויסער פראָווינץ און צו בארויבען די פרויען. האט מען געשיקט ר׳ אליעזר׳ן מיט פיער טויזענט רענדלעך צום קיסר ער זאָל בעטען גנאדע. נאָך א לענגערען געשפרעך האט דער קיסר איהם געגעבען די פיער טויזענט רענדלעך פאר די צוויי הונ־דערט וואָס ער האט איהם אמאָל געגעבען, האט אנולירט די גזירה צוליב דער פיינער אויפנאמע, וואָס ער האט איהם גע־געבען, און האט איהם געשאָנקען זיבעציג קליידער פאר דעם מלבוש וואָס ער האט איהם געגעבען. ווי זאָגט דער פארפאסער פון קהלת „שלח לחמך על פני המים, כי ברב הימים תמצאנו" — (שיק דיין ברויט אויפ׳ן וואסער, וועסט עס אמאָל געפונען).

פאר אזוי וויכטיג באטראכט די אידישע עטיק די נאָבעלע אייגענשאפט פון בארמהערציגקייט, אז זי באשטעהט דורכאויס, אז דער מענש זאָל זיך באציהען מיט א רחמנות־געפיהל אויך צו „שטומע צונגען". ביי די פעלקער פון דער וועלט איז „צער בעלי חיים געזעלשאפטען" א פארהעלטניסמעסיג יונגע אינסטיטוציע. ביי אונז אידען, אָבער, איז דאָס עטישע געזעץ זיך צו באציהען מיט א רחמנות־געפיהל צו לעבעדיגע באשעפענישען אזוי אלט ווי די תורה.

רחמנות האָבען אויף לעבעדיגע באשעפענישען איז א תורה געבאָט. באהאנדלען לעבעדיגע באשעפענישען רחמנות׳לאָז איז א תורה פארבאָט. די אידישע לעהרע זאָגט אונז אויסדריקליך: „ווען דו זעהסט דיין פיינד׳ס אייזעל זיך בויגען אונטער זיין לאסט, זאָלסטו צולעגען א האנד"; „אָן אָקס און זיין יונגלינג זאָלט איהר ניט שעכטען אין איין און דעם זעלבען טאָג"; „זאָלסט ניט קאָכען א ציגעלע אין זיין מוטער׳ס בלוט"; „זאָלסט ניט פארצוימען דאָס מויל פון א אָקס ווען ער דרעשט די תבואה". דער תלמוד פאר־װעהרט א מענשען צו עסען וואָס עס ניט איז איידער ער האט גע־

געבען דער בהמה צו עסען. דער תנ"ך און דער תלמוד אַנטהאַל־טען אַ היבשע צאָהל פאָרשריפטען און רעגוליאַציעס, וואָס אונ־טערשטרייכען אַז אַ מענש מוז באַהאַנדלען אַ „שטומע צונג" מיט דעם העכסטען מיטלײדם געפיהל.

אַלם ביישפּיל אַז פאַר באַרמהערציגקייט ווערט מען באַפרי־דיגט און פאַר רחמנות'לאָזיגקייט ווערט מען באַשטראָפט, דער־צעהלט אונז די גמרא, אַז ווען אַ קעלבעל, וואָס מען האָט געפיהרט קוילענען, האָט זיך געוואָלט ראַטעווען דורך באַהאַלטען דעם קאָפּ הינטער רבי יהודה הנשיא'ס קאַפּאָטע, און ער האָט געזאָגט צו דעם „געה, דו ביזט דערצו באַשאַפען געוואָרען", האָט מען אוים־גערופען אין הימעל: דערפאַר ווייל ער האָט זיך ניט דערבאַ־רעמט אויף דעם, זאָל ער ליידען יסורים. ניט קוקענדיג דערויף וואָס רבי יהודה איז געווען אַ נשיא און איז באַקאַנט אַלם „רבי הקדוש", דאָך איז ער באַשטראָפט געוואָרען פאַר ניט רחמנות האָבען אויף א „שטומע צונג". רבי יהודה הנשיא'ס דינסט האָט איינמאָל, קערענדיג דאָס הויז, געוואָלט אויסקערען יונגע קעצ־לעך, האָט רבי יהודה אַ זאָג געטאָהן: „לאָז זיי צו רוה, עס שטעהט געשריבען „און זיין באַרמהערציגקייט איז אויף אַלץ וואָס ער האָט באַשאַפען". האָט מען אויסגערופען אין הימעל: „דער־פאַר וואָס ער האָט רחמנות געהאַט, וועלען מיר אויף איהם רחמנות האָבען". הייסט ווי וויכטיג איז עס שוין רחמנות צו האָבען אויף מענשען!

פון דעם גרויסען געוויכט, וואָס די אידישע עטיק לעגט אויף באַרמהערציגקייט קען מען שוין לייכט פאַרשטעהן ווי העסליך און אַבשייליך זי באַטראַכט די אונמענשליכע מדה פון הארט־הערציגקייט, פון אכזריות. אַ גרויזאַמע באַציהונג צום מיט־מענ־שען איז גלייך צום פאַרגיסען בלוט. עס אונטערגראָבט דאָס פאַ־מיליען לעבען, דאָס פרידליכע לעבען צווישען מענש און מענש, צווישען פאָלק און פאָלק. אין אידענטום איז גרויזאַמקייט אזוי פאַרהאַסט, אז דאָס אידישע פאָלק איז גרייט געווען צו פיהרען

א בירגער־קריג, וועלכער האט געקאסט שווערע טויזענטער לעבענס אום „אויסצוראטען דאס שלעכטע״.

אין די צייטען פון פנחס, אהרן הכהן׳ס אייניקעל, האבען עטליכע אויסוואורפען פון שבט בנימין מיסברויכט א פרוי פון בית לחם יהודה, וועלכע איז דורכגעפאהרען זייער שטאדט גבעה. נאכדעם ווי די מענשען פון שבט בנימין האבען זיך אפגעזאגט צו באשטראפען די פארברעכער, האבען אלע אנדערע שבטים געפיהרט מלחמה געגען דעם שבט בנימין, זיי באזיגט און באשטראפט.

אט דער דאזיגער טרויעריג־באריהמטער עפיזאד, וועלכער ווערט דערצעהלט אין תנ״ך, באווייזט אז שוין פון די פריהסטע צייטען האט דאס אידענטום געהאט אן עקעל־געפיהל צו גרויזאמקייט. און צו וואס גרויזאמקייט פיהרט זעהען מיר דאך היינט מיט אונזערע אייגענע אויגען פון די נאצישע אכזריות׳ן. איז באמת צו באוואונדערען די וויטזיכטיגקייט פון דער אידישער לעהרע, וואס האט שוין מיט טויזענטער יאהרען צוריק געלערענט צו פראקטיצירען די הומאניטארע, איידעלע און נאבעלע אייגענשאפט פון בארמהערציגקייט אהן וועלכער עס קען ניט עקזיסטירען קיין גליקליכע מענשליכע געזעלשאפט.

# גמילות חסדים און פּראָצענט

דער הויפּט צוועק פון דער אידישער עטיק איז איינצופּלאַנצען אין דעם מענשענ'ס האַרץ אַן אַלטרואיסטישעס געפיהל — אַ מענשליך געפיהל צום צווייטען מענשען. זי לערענט, געוועהנט צו און ערציהט דעם מענשען ניט נאָר צו אַכטען און רעספּעקטי־רען דעם מיט־מענשען אין אַבסטראַקטען זין, נאָר איהם טאַקע אויך העלפען אין אַ קאָנקרעטער פאָרם. פּונקט ווי יעדער אינ־דיווידועלער מענש טוהט אַלץ מעגליכע צו פארבעסערען זיין אייגענע לאַגע אין אַלע צווייגען פון לעבען, אַזוי מוז ער מיט דעם זעלבען פליים זיך באַמיהען צו העלפען אויסבעסערען דעם מצב פון דעם מיט־מענשען. ערשטענס איז דאָס טאַקע אַ פיינע הומאַניטאַרע אייגענשאַפט אַן און פאַר זיך. צווייטענס, איז עס אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם אויפבוי פון אַ צופרידענער גע־זעלשאַפט; און אַ צופרידענע געזעלשאַפט איז די בעסטע גאַ־ראַנטיע פאַר אַ דויערהאַפטען וועלט־פרידען — די גרעסטע ברכה פאַר דער מענשהייט. און גמילות חסדים איז איינס פון די הויפּט מיטלען, וועלכע זענען פון אַבסאָלוטער וויכטיגקייט פאַר אַט דעם העכסט־וויכטיגען צוועק, שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס אַן און פאַר זיך איז עס אַ וואונשענסווערטע אייגענשאַפט.

גמילות חסד אין דער אידישער עטיק מיינט ניט בלויז ליי־העז איינעם עטליכע דאָלאַר אָהן פּראָצענט אויף אַ שטיקעל צייט ווי דער דאָזיגער טערמין ווערט אין אלגעמיין פאַרשטאַנען. אין דער אידישער עטיק ווערט דער באַגריף גמילות חסדים אויפגע־פאַסט אין אַ פיל ברייטערען, טיפערען און העכסט מענשליכען זין. עס מיינט אויך לייהען איינעם אַ מלבוש, אַ כלי, אַ געצייג אָהן נוץ־געלט, פּדיון שבוים (אויסלייזען געפאַנגענע), זיך באַטייליגען

אין איינעמ'ס אַ שמחה און דורך דעם איהם פאַרשאַפען פרייד, באזוכען קראַנקע, באַגלייטען א טויטען צו זיין אייביגער רוה, טרייסטען איינעם אין אן אומגליק, ערמוטיגען מיט א גוט וואָרט אין דער ריכטיגער צייט, העלפען איינעם קריגען אַ שטעלע, און אין אַלגעמיין טאָהן מענשען טובות אין וועלכער פאָרמע עס זאָל ניט זיין, אָהן אַ פאַרגיטיגונג. איז דאָך גמילות חסד איינס פון די זאַכען „שאין להם שיעור" — וויפיל מען זאָל ניט טאָהן, איז אלץ ניט גענוג.

הייסט אונז טאַקע די אידישע עטיק זיך אָפּלערנען אויך די דאָזיגע פיינע אייגענשאַפט פון גאָט אליין — דאָס פערפעקטעסטע וואָס קען נאָר געבען — און זי מאַכט אונז אויפמערקזאַם, אַז די תורה אַליין הויבט זיך אָן מיט גמילות חסד (און גאָט האָט גע־מאַכט פאַר אדם הראשון און זיין פרוי העמדלאך), און זי ענדיגט מיט אָט דער איידעלער און אַבסאָלוט נויטיגער אייגענשאַפט (און ער, גאָט, האָט זיך מתעסק געווען מיט משה רבינו'ס קבורה).

פאַר אזוי וויכטיג ווערט גמילות חסד אויפגעפאַסט אין דער אידישער עטיק, אז אָהן דעם, האלט זי, וואָלט דער מענש גאָר אינגאַנצען ניט באַשאַפען געוואָרען. דאָס שאַפען אַליין פון דעם מענשען איז געווען אן אקט פון גמילות חסד מצד דעם אַלמעכ־טיגען. די קאָלאָסאַלע וויכטיגקייט פון גמילות חסד פאַר דעם וואוילזיין פון דעם יחיד, פון דער געזעלשאַפט און פאר דער עק־זיסטענץ פון דער גאַנצער וועלט ווערט אפשר אמבעסטען אויס־געדרוקט אין דער אידישער אויפפאַסונג, אַז גמילות חסד איז איי־נער פון די דריי זיילען אויף וועלכע די וועלט עקזיסטירט. אָהן דער פּראַקטיצירונג פון גמילות חסד קען קיין מענשליכע, ליבע־ראַלע, דעמאָקראַטישע וועלט נישט געמאָלט זיין. זאָגט דאָך כביכול אליין: דער וועלכער איז טעטיג אין פּראַקטיצירען גמילות חסדים, איז גלייך ווי ער לעזט אויס מיך און מיינע קינ־דער פון צווישען די פעלקער פון דער וועלט.

די אידישע לעהרע זאָגט אונז, אַז צדקה איז אַ מצות עשה — אַ פּאָזיטיווער ביבלישער געבאָט. צדקה דערנעהנטערט די אי־דישע אויסלעהזונג. צדקה שטעהט העכער פון דער מצוה פון קרבנות. צדקה איז גלייך צו אַלע מצוות. עס קען, דאַכט זיך, שוין ניט געבען קיין העכערע עטישע אייגענשאַפט, און דאָך לערענט אונז די אידישע עטיק, אַז גמילות חסד איז נאָך גרעסער און וויכ־טיגער אפילו פון צדקה, אַז גמילות חסד איז די העכסטע עטישע אייגענשאַפט, ניטאָ קיין העכערס. און די דאָזיגע אויפפאסונג איז אויך לאָגיש און פאַרשטענדליך. די מעגליכקייט צו פּראַקטי־צירען די נאָבעלע אייגענשאַפט פון צדקה איז אין א געוויסען זין באַשרענקט. צדקה קען מען דאָך געבען נאָר צו נויטבאַדערפ־טיגע, לעבעדיגע מענשען. אַ רייכען און א טויטען, צום ביישפּיל, גיט מען דאָך ניט קיין צדקה. דאַגעגען, אָבער, גמילות חסד האָט אַ פיל ברייטער פעלד. א גמילות חסד קען מען געבען א רייכען פונקט ווי א נויטבאַדערפטיגען. אַ גמילות חסד קען מען טאָהן מיט אַ געזונטען פונקט ווי מיט אַ קראנקען, מיט אַ טויטען פונקט ווי מיט א לעבעדיגען. צדקה קען געבען נאָר א פאַרמעגליכער, אָבער אן אָרימאַן, כאָטש ער איז מחויב צו געבען צדקה אפילו ווען ער אַליין דערנעהרט זיך פון צדקה, וואָס, מ׳שטיינס געָ־זאָגט, קען ער שוין בכלל געבען, אָבער גמילות חסד קען אפילו דער גרעסטער קבצן פּראַקטיצירען. ער קען טאקע ניט שטיצען מיט געלט, דערפאַר אָבער קען ער זעהר פיל העלפען מיט אַ גוט וואָרט, מיט א שליחות, מיט אן עצה, און אויף פאַרשידענע אנ־דערע אופנים. צדקה האָט אין א געוויסער הינזיכט, אויך א חסרון. צדקה קען אַמאָל אַנטמוטיגען דעם נויטבאַדערפטיגען פון זיך באַמיהען צו העלפען זיך אַליין, ווייל ער געוועהנט זיך צו זיך צו פאַרלאָזען בלויז אויף צדקה. בעטלען ווערט זיין פּראָפע־סיע. דאַגעגען גמילות חסד העלפט דעם צווייטען זיך אַליין צו העלפען. דערפאַר טאקע באַטראַכט די אידישע עטיק די גמילות חסדים־אינסטיטוציעס, די פרייע־לייה־קאַסעס, און עהנליכע אָר־

גאניזאציעס אלס די וויכטיגסטע אנשטאלטען אויף דעם וואויל־
טעטיגען געביט,

די אידישע עטיק ענטהאלט א גאנצע רייהע רעגוליאציעס
אין באצוג אויף גמילות חסד. ניט נאר דארף מען געבען, אדער
טאהן מיט דעם מיט־מענשען א גמילות חסד ווען ער בעט עס,
נאר מען דארף אזוי האנדלען, אז דער וועלכער נויטיגט זיך אין
דעם זאל האבען מוט צו בעטען די טובה. מען דארף איהם די־
רעקט ערמוטיגען. זאגט אונז טאקע די אידישע עטיק, אז „א
מענש דארף זיך שטענדיג היטען ניט צו פארמאכען די טיר פאר
די וועלכע קומען לייהען".

און ווען מען גיט אדער מען טוהט מיט איינעם א גמילות
חסד, מוז דאס אבסאלוט דורכגעפיהרט ווערען מיט טאקט און
ראפינירטער איידעלקייט. מען טאר אויף קיין פאל און אונ־
טער קיינע אומשטענדען ניט מאכען דעם באטרעפענדען פיהלען,
אז מען טוהט איהם א טובה. און אין פאל ווען צוויי מענשען, א
רייכער און אן ארימאן, ווענדען זיך צו איינעם נאך א גמילות
חסד, און דער באטרעפענדער קען דאס טאהן בלויז פאר איינעם
פון זיי, האט דער ארימאן די פריאריטעט, דער ארימאן קומט
פריהער. אויך דאס וויזט, אגב, ווידער די זייד־דינע ראפינירט־
קייט פון דער אידישער עטיק. ניט קוקענדיג דערויף וואס פון
דעם פראקטישען שטאנדפונקט איז עס דאך באשטימט זיכערער
צו געטרויען דעם וואוילהאבענדען, מוז מען אבער דאך פריהער
העלפען דעם נויטבאדערפטיגען, ווייל דער רייכער וועט זיך,
ווי עס איז, גיכער קענען געבען אן עצה. נאכמעהר, אויב א
מענשען קומט געלט ביי עמיצען און ער ווייסט, אז יענער איז ניט
אימשטאנד אפצוגעבען, זאל ער פארמיידען זיך מיט איהם צו בא־
געגענען כדי איהם ניט צו פארשאפען אן אונאנגענעהם געפיהל,
און דאס געוויסען זאל איהם ניט מאטערען.

פונקט ווי אנדערע עטישע אייגענשאפטען אזוי אויך ברענגט
די פראקטיצירונג פון גמילות חסד פערזענליכע נוצען. דאגעגען,

ווידער, די פאַרנאַכלעסיגונג פון גמילות חסד ברענגט דעם אינדי־ווידיאום, פונקט ווי דער גאַנצער געזעלשאַפט, גאַר ניט קיין גע־וואונשטע רעזולטאַטען. דערצעהלט אונז אונזער ליטעראַטור, אז ווען יהושע בן נון, משה רבינו'ס נאָכפאָלגער, איז נפטר גע־וואָרען, איז פונקט דעמאָלט ארץ ישראל צעטיילט געוואָרען צווישען די שבטים. די אידען זיינען, אַלזאָ, געוועזען דאַן איבער־גליקליך, יעדער איינער פון זיי איז געווען באַשעפטיגט, דער אין זיין פעלד, דער אין וויינגאָרטען, דער אין איילבירט־גאָרטען און אזוי ווייטער, און זיי האָבען ניט געטאָהן יהושע'ן דעם לעצטען גמילות חסד, זיי האָבען איהם נעמליך, ניט מספיד געווען ווי עס באדארף צו זיין. האָט דער אלמעכטיגער געוואָלט שטורמען די וועלט, אָבער אַזוי ווי עס האָבען זיך דאָך דאָרט געפונען א סך עהרליכע אידען, זיינען זיי אָפּגעקומען דערמיט וואָס עס האָט זיך פון זיי אָפּגעטאָהן דער רוח הקודש. האָט טאַקע גאָט אַליין געזאָגט צו די אידען: מיינע קינדער! ווען איהר זעהט, אז דער זכות אבות פאלט און דער זכות פון די מוטערס פארלירט זיין ווירקונג, זאָלט איהר געהן און זיך באהעפטען מיט „חסד". האָט דאָך שוין שלמה המלך אנגעזעהן די קראַפט פון גמילות חסד און ער האָט אויפגעבויט צוויי ספּעציעלע טויערען, איינעם ביי וועל־כען מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען פארשאַפען פרייד חתנים, און איינעם, וועלכער האָט געדינט אַלס פּלאַץ וואוהין מען פלעגט זיך צוזאמענקומען טרייסטען אבלים — טרויערער. נאָכמעהר, די חכמים ז"ל האלטען אפילו, אַז די פּראַקטיצירונג פון גמילות חסד איז א גוט מיטעל צו לאַנגע יאָהרען.

פאַר אַזוי וויכטיג האלט די אידישע עטיק די אייגענשאַפט פון פּראַקטיצירען גמילות חסד, אז זי קען זיך גאָרניט פאָרשטע־לען א אידען אָהן דער דאָזיגער איידעלער, פיינער און נאָבעלער מדה. ווען די אידישע עטיק וויל באַצייכענען די כאראקטער־שטריכען פון דעם אידישען פאָלק, רעכענט זי „גומלי חסדים" צווישען די דריי באַקאַנטע כאַראַקטער־שטריכען, און זי באַהויפּ־

טעט גאַנץ איינפאַך „כל מי שיש בידו מדה זו הוא מזרעו של אברהם אבינו" — יעדער איינער, וועלכער באַזיצט די דאָזיגע אייגענשאַפט, איז פון אברהם אבינו'ס קינדער.

און פונקט ווי גמילות חסד ווערט באַטראַכט פאַר דער העכסטער עטישער אייגענשאַפט, אַזוי ווערט זיין געגענטייל, פראַצענט, פאררעכענט פאַר איינע פון די נידעריגסטע, און אפשר די נידעריגסטע מדה. ניט נאָר איז וואוכעריי ניט עטיש אַן און פאר זיך, נאָר עס איז אויסדריקליך אַ ביבלישער פארבאָט, וועלכער ווידערהאָלט זיך עטליכע מאָל אין דער תורה, און די תלמודישע ליטעראַטור פאַרבאָט עס אין די שאַרפסטע און שטרענגסטע ווערטער. דער דאָזיגער פאַרבאָט באַציהט זיך ניט בלויז אויף דעם וועלכער לייהט אוועק דאָס געלט, אויף דעם פראַצענטניק, נאָר אויך אויף דעם, וועלכער לייהט דאָס געלט, (דער צינזען צאָהלער), אויף דעם מעקלער, דעם וועקסעל שרייבער, די עדות, די זשיראַנטען, אויף אַלע, וועלכע נעמען וועלכען עס ניט איז אנטייל אין דער טראַנסאַקציע.

די אידישע עטיק קוקט אויף אַ פראַצענטניק ווי אויף עפּיס אַן עקעלהאַפטע באַשעפעניש. די גמרא דערצעהלט אַז אַ געוויסע מאַטראָנע האָט געוואָלט אַמאָל איינעם „ארייננזאָגען", האָט זי זיך צו איהם געווענדעט מיט די ווערטער: „דיין פּנים איז ווי פון אַ חזיר-האָדעווער אָדער אַ פראַצענטניק", ווייל פראַצענט פאַרצעהרט דעם צינזען-צאָהלער פונקט ווי זשאַווער פרעסט אויף אייזען, און עס מאַכט פעט דעם וואוכערניק פונקט ווי די גרויסע איינקונפט וואָס חזירים-האָדעווערײ ברענגט אריין מאַכט פעט די אייגענטימער. פראַצענט איז אפשר אַ לאַנגזאַמער פאַרניכטונגס פּראָצעס, דערפאַר אָבער איז עס אַ זיכערער. ניט נאָר באַטראַכט די אידישע עטיק מיט עקעל דעם וואוכערניק, נאָר אין דער שאַרפסטער טערמינאָלאָגיע און אויף דעם דרינגענדסטען אופן ראָט זי געגען אַוועקלייען געלט אויף פראַצענט. „דער וועלכער לייהט אוועק געלט אויף פראַצענט איז ווי אַ גזלן". אַזוי

נידעריג ווערט דער וואוכערניק באַטראַכט, אַז די גמרא זאָגט אונז אויב רויבער אָדער פּראָצענטניקעס ווילען אומקעהרען דאָס וואָס זיי האָבען זיך ערוואָרבען אויף אַן אונעהרליכען אופן, זאָל מען עס ניט נעמען.

די מיינונג פון דער אידישער עטיק וועגען אַ וואוכערניק איז אפשר אמבעסטען אויסגעדריקט אין דער שלאָגענדער באַהויפּטונג „אַ פּראָצענטניק לייקענט אין דער געטליכער עקזיסטענץ, ער מאַכט משה רבינו פאַר אַ נאַר און זיין תורה אַ פעלשונג". וואָלטען טאַקע אידען, און באַזונדערס אין אונזער איצטיגער טראַגישער לאַגע, זיך באַדאַרפט אַ נעהם טאָהן פּראַקטיצירען גמילות חסד אין אַלע זיינע ראַמיפיקאַציעס, אין דעם ברייטסטען זין פון וואָרט, ווייל דאָס וואָלט זיכער געקאָנט דינען אַלס אַן אומגעהויער וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם ווידער־אויפבוי פון דעם „שארית הפליטה" פון אונזער געפייניגט, געיאָגט און געפּלאָגט פאָלק.

# צדקה

ביי קיין שום פאָלק אין דער וועלט איז דער עטישער פרינציפּ פון צדקה אַזוי אַנטוויקעלט, סיי אין דער טעאָריע סיי אין דער פּראַקטיק, ווי ביי אונז אידען. שוין די באַדייטונג אליין, דער טייטש פון דעם וואָרט צדקה, וואָס מיינט ווערטליך „גע־רעכטיגקייט", ווייזט קלאָהר און דייטליך, אַז די אידישע עטיק באַטראַכט צדקה נים ווי אַן אקט פון מיטלייד און רחמנות, נאָר ווי אַ געבאָט — אַן ערפילונג פון גערעכטיגקייט. ווער עס קען שטיצען אַ נויטבאַדערפטיגען, אָדער אַן אַנשטאַלט פון אונבאַ־האָלפענע, מאַטעריעל אָדער אפילו בלויז מאָראַליש, און טוהט עס ניט, פאַרשוועכט ער דעם קארדינאַלען פּרינציפּ פון גערעכ־טיגקייט. אין א געזעלשאַפט, וועלכע איז איינגעטיילט אין פאַר־שיידענע קלאַסען און גראַדען פון רייך און אָרעם, מוז צדקה זיין א פונדאַמענטאַלער זייל, וועלכער זאָל פאַרלייכטערען די אומ־באַקוועמליכקייטען און מאַטערנישען, וואָס דער ביטערער שיק־זאַל האָט אַרויפגעצוואונגען אויף דעם נויטבאַדערפטיגען טייל פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט. דער אָרימאַן, וועלכער נויטיגט זיך אין קאָנקרעטע מאַטעריעלע הילף, קען דערווייל ניט ערנעה־רען זיך און זיינע אייגענע מיט די טעאָריעס און וואונשען פון „אַלע גלייך", ווי גערעכט און רעכטפערטיג זיי זאָלען ניט זיין, וועלכע זיינען פון פּראַקטישען שטאַנדפּונקט דערווייל ניט מעהר ווי בלויז אַן אילוזיע, אַן אוטאָפּיע.

האָט טאַקע די אידישע עטיק באַגריפען די קאָלאָסאַלע וויכטיגקייט פון דער שעהנער און העכסט הומאַנער אייגענ־שאַפט פון צדקה, און האָט עס אוועקגעשטעלט אויף אַ גאָר הויכען פּעדעסטאַל. אויף ווי ווייט וויכטיג און ממש אימפּעראַטיוו

די אידישע לעהרע באטראכט דאָס שטיצען אָרימע, קען מען זעהן דערפון וואָס דער בעל התהלים רופט אויס, אז וואויל איז יענע וועלכע טוהען שטענדיג צדקה. פרעגען די חכמים: קען דען א מענש שטענדיג טאָהן צדקה? און זיי ענטפערען: דאָס איז דער וועלכער שפייזט זיינע קליינע קינדער. אלזאָ, פונקט ווי עלטערען זיינען מחויב צו זאָרגען פאר זייערע מינדעריעהריגע קינדער, אזוי זיינען זיי פאַרפליכטעט צו העלפען די נויטבאַדערפטיגע. איז טאַקע צדקה א מצות עשה — א מוז.

צדקה איז איינער פון די גרונד פּרינציפּען פון אידישקייט און אידענטום. ניט נאָר שטעהט צדקה העכער פון דער מצוה פון אלע קרבנות, נאָר די אידישע לעהרע געהט אזוי ווייט און שטעלט אוועק דעם קאָלאָסאלען פּרינציפּ, אז: „שקולה צדקה כנגד כל המצוות" — אז צדקה איז אזוי וויכטיג ווי אלע מצוות צוזאמען.

ניטאָ קיין פאָלק אין דער וועלט, אפילו דאָס ליבעראלסטע, וואָס זאָל זיין אומשטאַנד אָנצואווייזען אויף אזא מענשליכען פּרינציפּ אין זיינע לעהרעס. האלט דאָך די אידישע לעהרע, אז ווער עס זאָרגט ניט פאר דעם נויטבאַדערפטיגען, און ער גיט ניט קיין צדקה, איז גלייך ווי ער וואָלט געדינט פרעמדע אָפּגעטער. נאָכמעהר, א מענש דארף געבען צדקה כדי ער זאָל ניט זיין שולדיג אין פאַרגיסען אומשולדיג בלוט; וואָרום מיט זיין מאַטעריעלער הילף קען ער אמאָל ממש ראטעווען אן אָרימאַנ'ס לעבען.

די אידישע עטיק, ווי די אידישע לעהרע בכלל, איז באַזירט אויף ריין דעמאָקראַטישע פּרינציפּען. און אָט דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ גילט אין פולסטער מאָס אין פאַל פון צדקה. די איידעלע טאַט פון געבען צדקה איז ניט בלויז די פּריווילעגיע פון דעם רייכערען, וואוילהאָבענדען קלאַס מענשען, נאָר יעדער איינער, ניט קוקענדיג אויף זיינע מאַטעריעלע מעגליכקייטען, דארף און איז געבאָטען דאָס צו פּראַקטיצירען. דער תלמוד

אנטהאלט אזא קארדינאלען פרינציפ ווי: „אפילו עני המתפרנס מן הצדקה יעשה צדקה" — אפילו אן ארימאן, וועלכער ער־נעהרט זיך פון צדקה, מוז אליין אויך געבען צדקה. פארשטעהט זיך, אז מען דארף ניט אריבערכאפען די מאס — וואס צופיעל איז אומגעזונד. ראט טאקע די אידישע עטיק אז „לפום גמלא שיחנא" — מען זאל ארויפלעגען אויף דעם קעמעל בלויז אזוי פיל משא וויפיל עס קען פארטראגען, און ניט מעהר. דאס הייסט א מענש דארף געבען בלויז לויט זיינע אומשטענדען, אבער ניט מעהר. קוים, אבער, האט איינער באשטימט א געוויסע סומע אויף צדקה, טאר ער ניט חרטה האבען.

און ניט נאר פאדערט די אידישע עטיק, אז. „דו זאלסט ניט האלטען די טירען פון דיין הויז געשלאסען", נאר דאס העלפען דעם נויטבאדערפטיגען מוז זיין אויף א העכסט פיינעם און איי־דעלען אופן. דאס שטיצען א נויטבאדערפטיגען קען נאר דאן באטראכט ווערען אלס א פערפעקטע עטישע טאט ווען עס ווערט דורכגעפיהרט אויף אזא ראפינירטען שטייגער, אז עס באליי־דיגט ניט די סענסיטיוויטעט פון דעם נויטליידענדען. און עס איז ווירקליך זעהר אינטערעסאנט ווי דער תלמוד פארגלייכט צדקה צו „זייען" און חסד צו „שניט", און „שניט" איז דאך וויכטיגער. אלזא, ווי וויכטיג דאס געבען צדקה זאל ניט זיין, איז די ארט און וויייזע, דער אופן ווי דאס ווערט געגעבען נאך וויכטיגער, ווייל דאס געבען מוז זיין מיט חסד, אויף א פיינעם און דעליקא־טען שטייגער. אין אט דעם פרט, ווי אין פיל אנדערע פאלען, זעהט מען קלאהר די ווירקליך זייד־דינע ראפינירטקייט פון דער אידישער עטיק. ניט נאר ווענדעט די אידישע עטיק אן אלע מעג־ליכקייטען, אז דער פארמעגליכער זאל שטיצען דעם נויטבא־דערפטיגען, נאר אז די שטיצע מוז קומען אויף אזא איידעלען אופן, אז עס זאל דעם ארימאן ניט וועה טאהן, כדי עס זאל איהם וואויל באקומען.

אזא וויכטיגע ראלע שפילט צדקה אין דער אידישער עטיק,

אז די אידישע לעהרע פארוועהרט א תלמיד חכם צו וואוינען אין אַ שטאָדט אין וועלכער עס איז ניט פאַראַן קיין „צדקה־פושקע", אָדער, אין מאָדערנער טערמינאָלאָגיע, אַן אָרגאַניזאַציע וואָס זאָרגט פאַר דעם וואוילזיין פון די נויטבאַדערפטיגע. דעם איינפלוס פון דעם דאָזיגען פרינציפּ אויף דעם אידענ׳ס לעבען׳ס שטייגער קען מען אמבעסטען זעהן דערפון וואָס אין די שוהלען פון דער אַלטער היים, צום ביישפּיל, האָבען זיך געפונען פּושקעס פאַר תלמוד־תורה, גמילות חסדים, הכנסת אורחים, רבי מאיר בעל הנס פּושקע, און פאַר פאַרשיידענע אנדערע צוועקען.

פון גאָר געוואַלדיגער וויכטיגקייט איז „מתן בסתר" — געבען צדקה שטילערהייט, אָהן „פּובליסיטי". אָט אַזאַ איינער „שטעהט העכער פון משה רבינו". דאָס אילוסטרירט, ווידער, די איידעלקייט פון דער אידישער עטיק, וועלכע באַמיהט זיך צו היטען דעם נויטבאַדערפטיגען פון קאָמפּראָמענטירט צו ווע־רען.

אום צו ערמוטיגען מענשען צו געבען מיט דער ברייטער האַנט, באַנוצט זיך די אידישע לעהרע מיט מיטלען, וועלכע פאַר־שפּרעכען סיי פּערזענליכע גלענצענדע רעזולטאַטען, סיי טובות פון נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, און אפילו ווערטפולע קאָנסעקווענ־צען פון אוניווערסאַלען כאַראַקטער. אַזוי, למשל, זאָגט מען אונז אז: „דער וועלכער איז געוואוינט צו געבען צדקה, וועט האָבען געלערנטע און רייכע קינדער". אָדער, „דער וועלכער יאָגט זיך צו געבען צדקה, וועט איהם שוין צוגעשיקט ווערען גענוג געלט ער זאָל קענען ערפילען זיין הארצענ׳ס פאַרלאַנג". „צדקה דערנעהנטערט די גאולה"; „וואָס מעהר צדקה מען גיט, אַלץ מעהר שאַנסען האָט דער שלום", און פיל אנדערע.

אונזער טויזענטער יאָהר אַלטע ליטעראַטור איז אָנגעפּיקע־וועט מיט עפּיזאָדען, וועלכע אילוסטרירען, אויף א גלענצענדען אופן סיי דעם געבער׳ס פּערזענליכע מאַטעריעלע נוצען, סיי די אומדירעקטע טובות פאַר אנדערע, וועלכע זיינען א פאַרגיטיגונג

פאר, אָדער דער דירעקטער רעזולטאַט פון, צדקה אין אלע איהרע פילפאַכיגע פאָרמען. מיר ווילען, אָבער, ברענגען בלויז איין עפּיזאָד, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פארביידע פאַלען: בר קפּרא האָט אמאָל שפּאַצירט ביים ברעג ים און דערזעהען ווי אַ שיף געהט אונטער און דער עלטסטער פון דער מדינה ראַטעוועט זיך אַרויס אַ מוטער-נאַקעטער, האָט בר קפרא איהם גענומען צו זיך אַ היים, איהם געגעבען עסען, טרינקען און פינף מטבעות. אין אַ צייט אַרום זיינען אויף יענעם אָרט געפאַנגען געוואָרען אידען, און מען האָט באַדאַרפט עמיצען שיקען זיי צו ראַטעווען, האָט מען באַשלאָסען צו שיקען בר קפרא׳ן. מען האָט איהם מיטגעגעבען פינף הונדערט מטבעות אויף אויסלייז געלט, און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אריין. ווי נאָר דער עלטסטער האָט איהם דערקענט, האָט ער איהם זעהר פיין אויפגענומען, דערפילט זיין פאַרלאַנג, און די פינף הונדערט מטבעות האָט ער איהם צוריקגעגעבען פאַר די פינף מטבעות, וועלכע ער האָט איהם אמאָל געגעבען.

און אַזוי ווי געלד איז דאָך קיילעכדיג „היינט איז דאָס ביי מיר, מאָרגען ביי דיר, שפּעטער גאָר ביי אַנדערע פּיער", דערצעהלט די גמרא, אַז אין ירושלים פלעגט אַרומגעהן אַ ווערטעל „מלח ממון חסר" — ווער עס וויל „איינזאַלצען" זיין געלד, עס זאָל ביי איהם בלייבען, זאָל ער עס רעדוצירען צו צדקה, און אַט די רעדוצירונג וועט האָבען אַ קיום. און עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז ווען מען האָט געפרעגט דעם אַלטען ראָטשילד, וועלכער האָט געגרינדעט די וועלט-באַריהמטע פירמע ראָטשילד, וויפיל ער פאַרמאָגט, האָט ער געענטפערט: „איש את קדושיו לו יהיו" — אַ מענש פאַרמאָגט בלויז דאָס וואָס ער צעטיילט אויף וואוילטעטיגע צוועקען.

די אידישע עטיק, וואָס איז אַזוי בלוטיג פאַראינטערעסירט, אַז דער וואוילהאָבענדער זאָל פּראַקטיצירען די שעהנע און אַבסאָלוט נויטיגע מדה פון העלפען נויטבאַדערפטיגע יחידים און

פאַרשיידענע וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען, קלאַסיפיצירט די מענשהייט אין באַצוג אויף צדקה, אין פיער קאַטעגאָריעס. און בעת זי פאַרדאַמט דעם וועלכער וויל געבען צדקה אָבער וויל ניט אַז אַנדערע זאָלען געבען, דעם וועלכער וויל אַז אַנדערע זאָלען געבען, אָבער ער ניט, און רופט אָן רשע דעם יעניגען וועלכער וויל אַליין ניט געבען, און לאָזט נאָך אַנדערע אויך ניט געבען, לויבט זי שטאַרק דעם וועלכער שטיצט אַליין און וויל אַז אויך אַנדערע זאָלען העלפען די נויטבאַדערפטיגע, און באַציהרט איהם מיט דעם שעהנעם טיטול „חסיד”. — אָט דער שטריך ווייזט ווידער די לויטערע איידעלקייט, די אונבאַפלעקטע ראַפינירט־קייט פון דער אידישער עטישער לעהרע, אַז דאָס אַלטרואיס־טישע, דאָס פאַרגינען דעם צווייטען צו טוהן אַ מענשליכע טאַט, איז פון געוואַלדיגער וויכטיגקייט.

מיט דעם זעלבען ברען מיט וועלכען די אידישע לעהרע פאָדערט און ערמוטיגט, דעם פאַרמעגליכען מענשען צו פראַק־טיצירען צדקה, מיט דער זעלבער אינטענסיוויטעט וואָרענט זי אין דער שטאַרקסטער טערמינאָלאָגיע דעם יעניגען, וועלכער נויטיגט זיך ניט אין מאַטעריעלער הילף, געגען נעמען שטיצע. זי פאַרשעלט איהם כמעט. אין קלאָהרע, ניט צוויי־דייטיגע ווערטער וואָרענט זי: „דער וואָס נעמט צדקה אין דער צייט ווען ער נויטיגט זיך ניט אין דעם, „סופו אינו נפטר מן העולם עַד שיבוא לידי כך”. — וועט ער ניט שטאַרבען ביז ער וועט ענדליך אָנקומען דערצו.

און אין דער צייט ווען די אידישע עטיק פאַרהערליכט דעם בעל צדקה, דעם וואָס גיט אַליין, באַקרוינט זי ממש מיט בלומען־קראַנצען יענע, וועלכע באַשעפטיגען זיך מיט זאַמלען געלט פאַר וואוילטעטיגע צוועקען. אָט די צדקה־טוהער שטעהען העכ־כער פון די צדקה־געבער”. און ניט קיין קלענערער ווי ר׳ יוסי האָט אויסגעדריקט דעם וואונש, אַז זיין „חלק זאָל זיין מיט די

צדקה-טוהער איידער ווי מיט די צדקה-געבער״, ווייל זאַמלען צדקה איז אַ נאָך העכערע שטופּע ווי געבען צדקה.

די וויכטיגקייט מיט וועלכער די אידישע עטיק באַטראַכט צדקה, קען מען אויך זעהן פון פאָלגענדעם: לויט דער אידישער אויפפאַסונג קענען תשובה, תפלה און צדקה בטל מאַכען אַ גזרה. אָבער פאַרוואָס ניט תשובה און תפלה אַליין? תשובה איז דאָך אַזוי וויכטיג, אַז עס איז, לויט דער אידישער טראַדיציע, באַשאַפען געוואָרען נאָך פאַר דער וועלט-שאַפונג, און תפלה איז דאָך דער דירעקטער קאָנטאַקט פון דעם מענשען מיט גאָט, איז צי וואָס-זשע דאַרף מען אָנקומען צו צדקה? נאָר אָט די אויפפאַסונג אַנטהאַלט אַ געדאַנק, וועלכער אונטערשטרייכט שטאַרק די הומאַניטאַרע זייט פון דער אידישער עטיק.

תשובה (פאַסטען) איז נוגע נאָר דעם באַטרעפענדען מענשען אַליין, אַן אַנדערע פּערזאָן האָט דערפון גאַרניט. עס איז, אַלזאָ, אַן אינטראַנסעטיווע טאַט. תפלה — ווען אַ מענש דאַווענט, איז וואָס אַנבאַלאַנגט אַ צווייטע פּערזאָן איז עס דאָס זעלבע ווי מיט פאַסטען. וואָס האָט אַ מענש פון דעם צווייטען׳ס דאַווענען? אָבער עס איז שוין ניט אַזוי אַבסאָלוט אינטראַנסעטיוו ווי פאַסטען, וואָרום עס איז שוין דערביי דאָ אַזוי צו זאָגען אַ שותף — גאָט. דער מענש בעט און גאָט הערט. ווען איינער גיט צדקה, איז שוין דאָ דערביי אַ צווייטער מענש, אָדער אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט הנאָה פון דעם מענשען׳ס טאַט. עס איז ניט ווי פאַסטען (תשובה), וואָס איז אַ ריין פּערזענליכער ענין, אויך ניט ווי דאַווענען, וואָס האָט צו טוהן בלויז מיט דעם באַטרעפענדען און גאָט, נאָר עס האָט שוין צו טוהן מיט אַ צווייטען מענשען, עס איז אַלטרואיסטיש. און כאָטש תשובה און תפלה פאַרמאָגען אין זיך אי דאָס פּערזענליכע אי דאָס געטליכע, קענען זיי אָבער ניט אַנולירען אַ גזרה סיידען עס איז אויך דאָ דערביי דער צדקה עלעמענט, דאָס אַלטרואיס-

טישע, די מאַטעריעלע, מאָראַלישע און גייסטיגע געגענזייטיגע הילף צווישען מענש און מענש.

און אויב אידען זיינען פּראָפּעסיאָנעל מעהר צדקה־באַוואוסטזיניג און פּערמאָגען פּראָפּעסיאָנעל מעהר צדקה־אָרגאַניזאַציעס און וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען פון אַנדערע פעלקער, איז דאָס צו פאַרדאַנקען דער לעהרע און דעם איינפלוס פון דער אידישער עטיק, וועלכע האָט ניט בלויז אַנטוויקעלט דעם אידענ׳ס מיטלייד־געפיהל, נאָר זי האָט עס ממש טראַנספּערירט אין אַ מוז, אין אַ קאַטעגאָרישען אימפּעראַטיוו, אַ געבאָט.

# פאַרגינען און מקנא זיין

יעדער באַגריף, אייגענשאַפט אָדער זאַך האָט זיך זיין געגענטייל. יעדער פּאָזיטיוו האָט זיך זיין נעגאַטיוו. די גוטע פאַרנונפטיגע אייגענשאפט פון זיין צופרידען מיט דעם אייגענעם שיקזאל, פון פארגינען דעם צווייטען, האָט זיך איהר נעגאטיוו, וועלכער דריקט זיך אויס אין ניט פארגינען, אין מקנא זיין דעם צווייטען. איז פונקט ווי די אידישע עטיק ווענדעט אָן אַלע מיטלען צו איבערצייגען דעם מענשען אין דער מעלה פון די פּאָזיטיווע אייגענשאַפטען און אין דעם חסרון פון די נעגאַטיווע אייגענשאַפטען, אזוי אויך איז איהר שטעלונג צו פארגינען און מקנא זיין.

עס זיינען פאראן פאלען, אין וועלכע די אידישע עטישע לעהרע מאַכט מעהר אָנשטרענגונגען צו איבערצייגען דעם מענשען אין דער וואונשענסווערטיגקייט פון דער פּאָזיטיווער זייט פון א באַטרעפענדער אייגענשאַפט, איידער זיך צו באַמיהען צו באַווייזען דעם מענשען די שעדליכקייט פון דער נעגאַטיווער זייט פון דעם זעלבען אַטריבוט. און פארקעהרט, ווידער, וואָס ווייניגער זעלבסטפאַרשטענדליך אַ געוויסע אייגענשאַפט איז פאר דעם מענשען, אַלץ מעהר באַמיהט זיך די אידישע עטיק איהם אויפצוקלעהרען און צו באַווייזען די שעדליכקייט פון אָט דער באַטרעפענדער אייגענשאַפט.

אין דעם פאל פון פארגינען און קנאָה באַמיהט זיך די אידישע עטיק מעהר אונטערצושטרייכען די אומאַנשטענדיגקייט און שעדליכקייט פון דער נעגאַטיווער אייגענשאַפט, פון מקנא זיין, איידער צו באַווייזען די וויכטיגקייט פון דעם פּאָזיטיווען אַטריבוט פון פארגינען. גאַנץ איינפאַך, די אידישע עטיק האלט, אז

איינפלאנצען אין א מענשענ׳ס הארץ די שעהנע מדה פון פאר־גינען איז ניט אזוי וויכטיג ווי עס איז אבסאלוט נויטיג, צוליב דעם וואוילזיין פאר דעם יחיד און דעם קאלעקטיוו, אויסצוראטען די העסלעכע און שאדען־ברענגענדע אייגענשאפט פון מקנא זיין דעם צווייטען. דער אידישער עטיק איז צו גוט באקאנט דעם מענשענ׳ס שוואכקייט צו קנאה. קנאה, וואס איז א געוויסע פארמע פון אייפערזוכט, מוז פריהער אדער שפעטער פיהרען צו פיינדשאפט. די קאנסעקווענץ פון אזא פראצעס מוז זיך סוף כל סוף אויסדריקען אין נקמה, וואס אטעמט בלויז מיט עקסטרעמע אונאנגענעמליכקייט אין איין פארמע אדער אין אן אנדערער.

קודם כל שטעלט אוועק די אידישע עטיק דעם דורכאויס אמת׳ן און גלייכצייטיג פראקטישען פרינציפ, פון „ווער איז רייך? דער וועלכער איז צופרידען מיט זיין שיקזאל”. גאנץ איינפאך, ווער עס איז ניט צופרידען מיט זיין שיקזאל, פעהלט איהם שטענ־דיג עפּיס. האט דאך שוין דער פילאזאף קהלת באהויפטעט: „אוהב כסף לא ישבע כסף” — וויפיל איינער זאל ניט פארמאגען, וויל ער אלץ מעהר. אדער ווי די גמרא דריקט זיך אויס: דער וועלכער פארמאגט הונדערט רענדלעך, וויל צוויי הונדערט. באַ־נאַל גערעדט, א״ז אזא איינער געגליכען צו א דורשטיגען מענשען, וועלכער טרינקט ראסעל פון אוגערקעס. וואס מעהר ער טרינקט, אלץ דורשטיגער איז ער. און ווילענדיג ניט ווילענדיג מוז דער אונצופרידענער מענש ווערען א בעל־קנאה, און דאס לעבען פון אזא מענשען איז קיין לעבען ניט.

איז פארגינען א זעלבסטפארשטענדליכע וואונשענסווערטע אייגענשאפט. ווען רבי יוחנן בן זכאי האט געפרעגט זיינע באַ־ריהמטע תלמידים וועלכען לעבענס־וועג זיי האלטען פאר וואונ־שענסווערט, האט ניט קיין קלענערער ווי רבי אליעזר בן הורקונוס, וועלכער וואלט איבערגעוואויגען אלע חכמי ישראל, ווען מען וואלט זיי ארויפלעגען אויף איין וואגשאל און איהם אויף דעם צווייטען, געענטפערט: „א גוט אויג” — אן אויג, וואס

פארגינט דעם צווייטען. אנשטאט אויפמערקזאם צו מאכען אויף
אט דער זעלבסטפארשטענדליכער אייגענשאפט, באמיהט זיך
די אידישע עטיק אויסצואווארצלען די העסליכע מדה פון קנאה
און דאס איז שוין גארניט קיין לייכטע אונטערנעהמונג.

דער קנאה-אינסטינקט אין לעבעדיגע באשעפענישען איז
שוין אזוי אלט ווי די וועלט באשאפונג אליין. ווען דער שלאנג
האט געזעהן ווי די מלאכים געבען אפ כבוד אדם הראשון׳נען,
האט ער איהם מקנא געווען. ווי געפעהרליך קנאה איז, און צו
וואס פאר א גרויזאמע און שרעקליכע רעזולטאטען עס פיהרט,
קען מען זעהן דערפון, וואס עס האט פאראורזאכט דעם סאמע
ערשטען מענשען-מארד, און נאך צווישען צוויי ברידער דערצו.
האט דאך קין געטויט הבל׳ן בלויז אוים קנאה. אויסער דעם
איז קנאה ניט קיין אייגענשאפט, וועלכע מען קען לייכט בייקו-
מען. דער פארפאסער פון דער סאמע שענסטער ליבעס-פאעמע
„שיר השירים" האט שוין אויסגעשריגען „קשה כשאול קנאה"
— אייפערזוכט איז גרויזאם ווי דער קבר! און דער זעלבער פאר-
פאסער, דער פילאזאף קהלת, קאנסטאטירט, אז דעם מענשען׳ס
אלע באמיהונגען און אנשטרענגונגען שטאמען פון דעם מענ-
שען׳ס קנאה איבערצושטייגען דעם צווייטען. לערענט דאך
אונז דער פארפאסער פון משלי, אז „קנאה איז דאס פארפוילט-
קייט פון די ביינער". און די גמרא טייטשט עס אוים גאנץ איינ-
פאך: ווער עס טראגט קנאה אין הארצען, ווערען זיינע גלידער
פארפוילט. אלזא, קנאה פאר דעם מענשען, איז ווי זשאווער פאר
אייזען. האט דאך שוין ניט קיין קלענערער ווי דער פארפאסער
פון איוב באהויפטעט, אז קנאה טויט דעם נאר. פון וואס מען
קען, אגב, דרינגען, אז דער קלוגער ווערט ניט געפלאגט פון
דער נידעריגער אייגענשאפט פון קנאה.

די גמרא פארשרייבט אפילו א רעצעפט געגען קנאה. זי
ראט אונז צו עסען יעדען טאג פריהשטיק, ווייל „פת שחרית
מוציא את הקנאה" — ווען דער מענש איז זאט, איז ער צופרידען

מיט זיין שיקזאל און איז ניט מקנא. די אידישע עטיק ראט על־טערען ניט ארויסצואווייזען מעהר ליבע צו איין קינד ווי צום אנדערען, ווייל אזא האַנדלונג מוז ווילענדיג ניט ווילענדיג איינ־פלאנצען קנאה אין הארץ פון דעם געקריוודעטען קינד. נאָכ־מעהר, אזא אונגעוואונשענע האנדלונג מינעוועט אונטער ניט בלויז דעם שלום בית, דאָס פרידליכע פאמיליען־לעבען, נאָר עס האָט שוין אַמאָל געפיהרט צו א נאַציאָנאלען אומגליק. האָבען דאָך די אידען געשקלאָפט אין מצרים גאנצע צוויי הונדערט און צעהן יאָהר אַלס רעזולטאַט פון דער קנאָה, וואָס די ברידער האָבען מקנא געווען יוסף׳ן ווייל יעקב האָט איהם געגעבען אַ זיידען העמדעל און זיי ניט.

קנאה איז אַ פאַרניכטענדער פאַקטאָר אין אַ מענשענ׳ס לע־בען. עס איז איינס פון די דריי זאַכען, וועלכע רואינירען און פאַר־ניכטען אַ מענשען. פאָדערט טאַקע די אידישע עטיק אויף דעם שטרענגסטען אופן פון יעדען מענשען אויסצוראָטען פון זיין הארצען יעדע שפור פון קנאה. דעם עקסטרעמען אינטערעס, וואָס די אידישע עטיק האָט אין אויסוואָרצלען קנאה, קען מען זעהן דערפון, וואָס זי פאַרוועהרט מענשען צו לויבען גאָט, צוםביישפיל, מיט די ווערטער „דו האָסט רחמנות אויף א נעסט מיט פויגעלעך״, ווייל דאָס שליסט דאָך אוים די אנדערע באַשע־פענישען, קען עס נאָך אַריינברענגען שנאה אין זייערע הערצער. ווען דער הונגער האָט געבושעוועט אין יעקב אבינו׳ס צייטען, האָט ער געראַטען זיינע קינדער ניט צו מאַכען דעם אַנשטעל, אַז זיי זיינען זאַט, כדי עשו און ישמעאל זאָלען זיי ניט מקנא זיין. ווען משה רבינו האָט באַדאַרפט באַשטימען זיבעציג עלטסטע איבער די צוועלף שבטים, האָט ער, כדי אויסצומיידען קנאה צווישען זיי, אויסגעקליבען זעקס פון יעדען שבט, אַנגעשריבען אויף זיבעציג צעטעלעך דאָס וואָרט „זקן״ (עלטסטער) און צוויי האָט ער געלאָזט ליידיג, און מען האָט געצויגען די צעטלען, האָבען די צוויי דורכגעפאלענע קאנדידאטען געמוזט זייער דורכ־

פאל נעהמען פילאָזאָפיש. און ווי ביטער דער טעם פון קנאה איז, האָט משה רבינו אמבעסטען אילוסטרירט ווען ער האָט פאַר זיין פטירה, נאָכדעם ווי ער איז אויף זיין אייגענעם וואונש געוואָרען יהושע׳ם תלמיד, אַבי ניט צו שטאַרבען איידער ער פיהרט אריין די אידען קיין ארץ ישראל, אויסגעשריגען „ליבער טויזענט מאָל שטאַרבען, איידער איין מאָל מקנא זיין״!

עס ליגט אין דעם מענשענ׳ס נאַטור מקנא צו זיין יעדען מענשען, אויסער אַן אייגען קינד און אַ תלמיד. מעהרסטענס, אָבער, עקזיסטירט די נידעריגע אייגענשאַפט פון קנאה גראד צווישען פריינד און צווישען מענשען פון גלייכען שטאַנד. ראָט אונז טאַקע די אידישע עטיק ניט נאָר אליין ניט צו פראַק־טיצירען די געפעהרליכע אייגענשאפט פון קנאה, נאָר מען דאַרף שטאַרק פאַרזיכטיג זיין ניט אַרויסצורופען קיין קנאָה ביי אנדערע מענשען. קנאה זויגט איהר עקזיסטענץ, איהר יניקה, פון א שלעכט הארץ. זי פלאקערט אין א ניט פארגינענד הארץ. דאַרף מען זיך שטאַרק היטען ניט צו גיסען אויל אויף דעם פייער. אַזוי פאַרזיכטיג דארף מען זיין, אַז ווען איינעם קומט אוים אויסצוטיילען זיך־פלעצער צו אַ גרופע מענשען, זאָל ער זיין זעהר פאַרזיכטיג, כדי ניט אַרויסצורופען קיין קנאה ביי די אַנוועזענדע.

אויסער דעם וואָס די ניט געוואונשטע אייגענשאַפט פון קנאה פלאָגט און פארצעהרט ממש דעם מענשען, וועל־כער ליידט פון דער דאָזיגער קראַנקהייט, האָט עס אַ קאָלאָ־סאלע שטערענדע און שעדליכע ווירקונג אויף זיין גאנצען געדאַנקען־גאַנג און לעבענס־אויפפיהרונג אין אַלגעמיין. אַ מענש, וועלכער איז מקנא, איז ברוגז אויף דער גאַנצער וועלט, אַזאַ איינער האָט קיינמאָל ניט קיין גוט וואָרט פאַר דעם צווייטען. ווי זאָגט דאָס שפריכוואָרט, „עס איז לייכ־טער אַרויסצובאַקומען א מטבע פון א קארגען, איידער א גוט וואָרט פון א בעל קנאה״. קנאה האָט אין זיך א טבע,

וואָס עס ווערט גראַדענווייז פאַרוואַנדעלט אין אַ מינדער־ווערטס־קאָמפּלעקס, און דאָס שטערט פּיעל מענשען אין זייער פּראָגרעסירען. זיי הויבען אָן פאַרלירען מוט, און „מוט פאַרלוירען, אַלץ פאַרלוירען".

בנוגע קנאה, ווי אין פאַל פון אנדערע עטישע אייגענשאַפטען, מאַכט די אידישע עטיק ניט קיין אויסנאהם צווישען איין קלאַס מענשען און דעם אַנדערען. זי אַנערקענט ניט קיין פּריווילעגירטע קלאַסען. אפילו אינטעלעקטואַלען, תלמידי חכמים, טאָרען ניט נאָר ניט האַנדלען אויס קנאה מאָטיווען, נאָר די קאָנסעקווענץ פון אזא האנדלונג ברענגט זיי פערזענליכען שאָדען. די גמרא זאָגט, אַז ווען צוויי תלמידי חכמים קענען זיך ניט אייניגען אין א הלכה און יעדער פון זיי זאָגט פארקעהרט פון דעם אַנדערען נאָר אויס קנאה צו ווייזען, אַז ער איז גרעסער, פאַרלירען זיי ביידע דעם געהעריגען רעספּעקט און די אויטאָריטעט אין די אויגען פון זייער געמיינדע.

פאַרשטעהט זיך, אַז אָפט מאָל פיהלט זיך דער באַניידענדער גאַנץ גוט, ווייל דאָס ווייזט דאָך, אַז ער איז „עפּעס". אָבער אזוי ווי קנאָה פיהרט אָפט מאָל צו שנאה, וואָרענט די אידישע עטיק שטאַרק ניט מקנא צו זיין קלענערע, שוואַכערע, אומוויכטיגערע פון זיך, און טאַקע אויס פּראַקטישע גרונדען. די גמרא דריקט דאָס גלענצענד אויס ווען זי באַהויפּטעט, אַז אַ מענש זאָל קיינמאָל ניט מקנא זיין א קליין שייגעצעל, אַ יונגע שלאַנג און אַ יונגען תלמיד, „ווייל זייער צוקונפט איז הינטער זייערע אויערען". ווען זיי וועלען אויסוואַקסען, וועלען זיי זיך רעוואַנזשירען. אָבער באַזונדערס וואונשענסווערט איז עס ווען א מענש קען עס באַווייזען איינגאַנצען צו אונטערדריקען און צו אויסוואָרצלען די שלעכטע אייגענשאַפט פון קנאה.

פאַראַן אָבער אַ געוויסער סאָרט קנאָה, וועלכער ברענגט דוקא אַמאָל נוצליכע רעזולטאַטען, אויב נאָר דער בעל קנאה

מיינט עס לשמה. דאָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער באַקאַנ־טער תלמודישער באַהויפּטונג „קנאת סופרים תרבה חכמה" — שריפטשטעלערישע און אינטעלעקטועלע קנאָה פאַרמעהרט און פאַרשעהנערט די ליטעראַטור און וויסענשאַפט.

אין פּראַקטישען לעבען, אָבער, איז עס אַן אומבאַשטרייטבאַ־רער פאַקט, אַז קנאה טוהט דעם מענשען קיין גוטעס. עס עסט איהם אויף א לעבעדיגען, עס שאַדט זיין געזונד. עס ליגט אַ גרויסער אמת אין דעם ווערטעל „דער וועלכער זייעט קנאה, שניידט חרטה". איז טאַקע גוט און וואויל דעם יעניגען, וועל־כער איז א „שמח בחלקו", וועלכער איז צופרידען מיט זיין שיק־זאַל און איז ניט מקנא דעם צווייטען. אַזאַ איינער איז דער רייכסטער און גליקליכסטער מענש אלע טעג און אלע יאָהרען פון זיין לעבען.

# אַכטען און באַליידיגען

קיין שום פאָלק קען נישט עקזיסטירען אַלס אַן עטיש געזונטע גרופּע אָהן געגענזייטיגע רעספּעקטפולע באַציהונגען צווישען מענש און מענש. קיין געזעלשאַפט קען ניט פּראָגרעסי־רען קולטורעל, סאָציאַל, מאָראַליש, עטיש, עסטעטיש און אפילו עקאָנאָמיש סיידען די געגענזייטיגע באַציהונגען פון איהרע מיטגלידער, באַזונדערס די וואָרט־פיהרער, אָטעמען מיט דעם גייסט פון עהרע און אַכטונג פאַר דעם אַנדערען. אויב די שטעלונג פון מענש צו מענש ציהט ניט קיין יניקה פון אַ קוואַל, וואָס שפּרודעלט מיט רעספּעקט פאַר דעם צווייטען, מוז דער גייסטיגער און מאָראַלישער שטאַנד פון אַזאַ געזעלשאַפט זינקען צו אַ נידעריגען ניוואָ.

אַכטונג און רעספּעקט פאַר דעם מיט־מענשען איז אַ פאַרבאַ־דינג אין דעם עטישען אַנטוויקלונגס פּראָצעס פון אַ געזעל־שאַפט. עס איז דער „אלף בית" פון פּראָגרעס, און אויב דאָס איז אַן אַקסיאָמאַטישער אמת אין דעם פאַל פון אַנדערע פעל־קער אין אַלגעמיין, איז עס פון ספּעציעלען באַדייט מיט באַצוג צו אונז אידען. ווען די מיטגלידער פון אַ פאָלק, וואָס איז צע־זייט און צעשפּרייט איבער אַלע עקען וועלט און ווערט ברו־טאַל פאַרפאָלגט און גרויזאַם געפּלאָגט, פאַרשפּאָטען און פאַר־אַכטען איינער דעם אַנדערען, אונטערמינעוועט עס דעם עטיש־מאָראַלישען פונדאַמענט אָהן וועלכען פאָרטשריט, אין אַלע זיי־נע פיעל פאַרצווייגטע פאָרמען, איז בלויז פאַנטאַזיע.

עטיק איז איינע פון די פונדאַמענטאַלסטע זיילען פון דעם מענשענ'ס עקזיסטענץ אַלס אַזעלכע, און רעספּעקט פאַר דעם אַנדערען איז אַ הויפּט טייל פון דער עטיק. די באַציהונג פון

מענש צו מענש מוז זיין א פּאָזיטיוו עטישע, אָדער אמוועניגסטען, ניט קיין אויסגעשפּראָכענע נעגאַטיווע — ניט קיין באַליידי־גענדע.

עס איז א פאַטאַלער טעות צו דענקען אַז דורך דעגראַדי־רען דעם אַנדערענס רעפּוטאַציע שטייגט די אייגענע. און ווען דאָס זאָל אפילו זיין אַזוי אין איזאָלירטע, אינדיווידועלע פאַלען, קען אָבער קיין געזעלשאַפט, אַלס קאָלעקטיוו, ניט פּראָגרעסירען אין די פאַרשידענאַרטיגע לעבענס ריכטונגען ווען פערזענלי־כער רוהם איז געבויט אויף דער רואינע פון דעם אַנדערען׳ס נאָמען. דעם „מענשען׳ס אונמענשליכקייט צו מענשען״ פיהרט בלויז צו נעגאַטיווע פאַרניכטענדע רעזולטאַטען. האָט די אידי־שע עטיק שוין מיט טויזענטער יאָהרען צוריק דאָס איינגעזעהן און האָט אַוועקגעשטעלט דעם פּאָזיטיווען געבאָט צו רעספּעק־טירען, און דעם נעגאַטיווען פאַרבאָט צו באַליידיגען דעם מיט־מענשען.

אַזוי ווי דעם מענשען׳ס כאַראַקטער הויבט זיך דאָך אָן פאָר־מירען און צו אַנטוויקלען שוין אין זיין פריהסטער יוגענט, רע־גולירט די אידישע עטיק דעם דאָזיגען פרינציפּ אויף א סיסטע־מאַטישען שטייגער. איינער פון די צעהן געבאָט איז עהרליך צו האַלטען עלטערען. אַזוי קאַרדינאַל וויכטיג איז דאָס דאָזיגע געבאָט, אַז עס איז געגעבען געוואָרען די אידען נאָך לאַנג פריי־הער איידער די עשרת הדברות זיינען געגעבען געוואָרען. נאָכ־מעהר, פון אַזאַ פונדאַמענטאַלען ווערט איז דאָס רעספּעקטירען עלטערען, אַז כביכול אַליין האָט עס געשטעלט העכער פון צו עהרען זיין אייגענעם כבוד. גאַנץ איינפאַך, די געוואוינהייט עהרליך צו האַלטען עלטערען וועט שוין פיהרען צו רעספּעק־טירען א ווייטערען קרוב, א פריינד, א פרעמדען. „געוואוינהייט איז די צווייטע נאַטור״, און עס ווידערהאָלט זיך אויטאָמאַטיש אָהן ספּעציעלע אָנשטרענגונגען. און אָט דעם וויכטיגען פרינ־ציפּ וועבט די תלמודישע עטיק ווייטער און רעגולירט: „לעולם

יהא אדם זהיר בכבוד אשתו" — א מענש זאָל שטענדיג זיין פאַר־זיכטיג מיט זיין פרוי׳ם כבוד.

אָבער ניט נאָר איז די פיינע אייגענשאַפט פון רעספּעקטירען דעם אנדערען אומגעהויער וויכטיג אין דער נאָהענטער פאַמי־ליע, נאָר עס מוז פּראַקטיצירט ווערען אין דעם קאָנטאַקט מיט אַלע מענשען, יונג און אַלט, מאַן און פרוי, רייך און אָרעם, איי־גענע און פרעמדע, געבילדעטע און איגנאָראַנטע. נאָך מיט טוי־זענדער יאָהר צוריק, ווען די באַציהונגען צווישען מענשען ביי אנדערע פעלקער זיינען געווען פון ווילדעסטער ברוטאַליטעט, ווי מיר זעהען עס נאָך אפילו היינט צו טאָג אין אונזער אייגענעם אזוי גערופענעם ציוויליזירטען דור, האָט די אידישע עטיק פאַר־מולירט אַזעלכע שלאַגיגע רעגולאַציעס ווי: „ואהבת לרעך כמוך" — האָב ליב דעם אנדערען ווי זיך אליין, און דעם הומאַ־נעם פּרינציפּ פון אוניווערסאַלער וויכטיגקייט: „כאזרח מכם יהיה לכם הגר אתכם, ואהבת לו כמוך" — ווי א געבוירענער צווישען אייך זאָל זיין צו אייך דער פרעמדער, וועלכער וואוינט מיט אייך, און דו זאָלסט איהם ליב האָבען ווי זיך אליין. דאָס איז א לעהרע, וואָס אפילו די ציוויליזירסטע פעלקער פון אונ־זער אייגענער צייט, פּראַקטיצירען נאָך וויט ניט געהעריג. בעת די תנ"ך׳שע עטיק נעהמט ספּעציעל אין אנבעטראכט דעם על־טערען מענשען און הייסט איהם אַכטען און רעספּעקטירען, ווי עס ווערט אויסגעדריקט אין דעם נאָבעלען גרונדזאַץ „מפני שיבה תקום, והדרת פני זקן", וועבט די תלמודישע עטיק ווייטער די דאָזיגע איידעלע און אַבסאָלוט נויטיגע אייגענשאַפט און ראָט אויפצונעהמען און צו באַגעגענען יעדען מענשען מיט א פריינד־ליכע מינע, און אפילו צו זיין דער ערשטער צו גריסען דעם אַנדע־רען. אַזוי הויך שטעהט דאָס רעספּעקטירען דעם אַנדערען, אַז אין געוויסע פאַלען „רוקט עס אָפּ אַ לא תעשה".

ווי טייער די אידישע לעהרע שאַצט דעם מענשען׳ס כבוד, קאָן מען זעהן אפילו פון איהר שאַנעווען א גנב׳ס עהרע. ווען

איינער גנב׳ט אן אָקס, איז זיין שטראָף פינף־פאכיג, דאגעגען אָבער ווען איינער גנב׳ט אַ שעפסעלע, דאַרף ער באַצאָהלען בלויז פיער מאָל אַזוי פיל, ווייל אַן אָקס געהט מיט די אייגענע פיס, בעת דאָס שעפסעלע מוז דאָך דער גנב טראָגען אויף די פּלייצעס.

און ניט נאר דער פאָלקס־מענש, נאָר אויך דער תלמיד חכם, דער אינטעלעקטואל איז אונטערגעוואָרפען דעם זעלבען פּרינציפּ און איז געוואָרענט צו האלטען זיין חבר׳ס כבוד אזוי טייער ווי זיין אייגענעם. כאָטש בילדונג איז א ווינקעלשטיין אין דער סטרוקטור פון אידענטום און אידישקייט, האָט דאָך די אידישע עטיק אוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ אז „יפה תלמוד תורה עם דרך ארץ״ — אַז צו אידישער בילדונג מוז מען אויך באַזיצען פיי־נע מאַנירען. נאָכמעהר, „אם אין דרך ארץ אין תורה״ — אַז אָהן גוטע מאַנירען, אָהן דרך ארץ פאַר דעם אנדערען, קען גאָר קיין אידישע בילדונג, קיין אידישע קולטור ניט געמאָלט זיין.

איז ניט נאָר זאָגט רבי אלעזר בן עזריה אַן זיינע תלמידים פאר זיין פּטירה: „והזהרו כל אחד בכבוד חברו״ — שאָנעוועט איינער דעם אנדערענס כבוד, נאָר די גמרא זאגט אויסדריקליך, אַז רבי עקיבא׳ס פיער און צוואַנציג טויזענט תלמידים זיינען אויסגעשטאָרבען צווישען פּסח און שבועות „שלא נהגו כבוד זה לזה״ — ווייל זיי האָבען ניט רעספּעקטירט איינער דעם אַנדערען. אָט דאָס אילוסטרירט קלאָהר דעם קאָלאָסאלען געוויכט וואָס די אידישע עטיק לייגט אויף א מענשענ׳ס כבוד.

אום צו ערמוטיגען און צו סטימולירען דאָס פּראַקטיצירען די אייגענשאַפט פון אַכטען דעם מיט־מענשען, וואָס איז אַן אַב־סאָלוטע נויטווענדיגקייט פאר דעם וואוילזיין און פאָרטשריט פון דער געזעלשאַפט, ווערען אפילו צוגעזאָגט פערזענליכע פּראָ־פיטען, ווי צום ביישפּיל, אריכת ימים, און נאָך.

מיט דער זעלבער אינטענסיוויטעט מיט וועלכער די אידישע לעהרע ערמוטיגט רעספּעקט פאר דעם צווייטען, אַנטמוטיגט זי פערזענליכען גלוסט פאָר כבוד. און עס האָט אויך ניט קיין

צוועק, ווייל „כל המחזיר על הגדולה, גדולה בורחת ממנו". ווער עס יאגט זיך נאך גדלות, אנטלויפט עס פון איהם *). נאכמעהר, „כל המשפיל עצמו, הקב"ה מגביהו". ווער עס האלט זיך נידעריג, ווערט דערהויבען. גאנץ איינפאך, ניט האלטען זיך גרוים פיהרט אויטאמאטיש צו רעספעקטירען דעם מיט-מענשען.

און פונקט ווי די אידישע לעהרע פאדערט פאזיטיווע באציהונגען צווישען מענשען, אכטען און שאנעווען איינער דעם אנדערענ'ס כבוד, אזוי ווארענט זי שארף אין די שטרענגסטע טערמינען געגען א נעגאטיווע באנעהמונג, געגען באליידיגען דעם מיט-מענשען. ווארענט אונז די אידישע עטיק: „ווער עס פארשעהמט דעם צווייטען, מוז ענדליך אליין פארשעהמט ווערען"; „ווער עס באליידיגט עמיצען אין געגענווארט פון א תלמיד חכם, איז אין דער קאטעגאריע פון אן אפיקורס"; „דורך פארשעהמען א מענשען עפענטליך פארלירט מען עולם הבא, מען געהט קיינמאהל ניט ארוים פון גיהנום, עס איז פונקט ווי אומברענגען א מענשען"; „א מענש זאל זיך בעסער לאזען אריינווארפען אין א קאלך אויווען, איידער פארשעהמען דעם צווייטען עפענטליך".

נאך שארפער איז די אידישע עטיק געגען באליידיגען א געלעהרטען. פאר באליידיגען א תלמיד חכם איז „אין רפואה למכתו" — דער באליידיגער קען זיך פשוט מיט גאר ניט אפקויפען. ווייל ווען מענשען זיינען שוין אזוי טיף געזונקען, אז אפילו דעם אינטעלעקט רעספעקטירען זיי ניט, מוז אזא דעגענערירטער צושטאנד ענדליך פיהרען צו א נאציאנאלער קאטאסטראפע. איז דאך, לויט א געוויסער מיינונג, ירושלים חרוב געווארען בלויז דערפאר, ווייל מען האט מבזה געווען תלמידי חכמים.

אזוי שארף איז די אידישע עטיק געגען עראבערען כבוד

*) דער פאפולערער אויסדרוק „כל הרודף אחר הכבוד" געפונט זיך ניט אין תלמוד.

אויף דעם צווייטענס חשבון, אַז זי פאַרזאָגט אפילו אַזאַ איי־נעם אַ חלק אין עולם הבא. אונצעהליג זיינען די שטעלען וועל־כע די אידישע זיטען־לעהרע אַנטהאַלט וועגען דעם דאָזיגען ענין. וועלען מיר בלויז בריענגען דעם קורץ־געפאסטען און קערענדיג־אמת׳דיגען מאמר „איזהו מכובד המכבד את הבריות״ — ווער ווערט רעספעקטירט, דער וועלכער רעספעקטירט אנדערע.

ניט נאָר די קאָנקרעטע באַציהונגען, נאָר אפילו דאָס פּשוטע, אַלטעגליכע ארט רעדען מוז זיין איידעל, ראַפינירט. ווייל אפילו די תורה, וועלכע אַנטהאַלט ניט קיין איבעריג וואָרט, אפילו ניט קיין איבעריג פינטעלע, האָט ניט געזשאַלעוועט קיין איבעריגע ווערטער אַבי צו רעדען „בלשון נקיה״ — אין אַן איידעלער, ראפינירטער שפּראך.

און ניט נאָר דארף די באנעהמונג און דאָס ארט רעדען צו מענשען זיין איידעל, מענשלעך און ראַפינירט, נאָר אפילו די באַ־ציהונג צו קליידער און עסענווארג טאָר ניט טראָגען קיין באַ־ליידיגענדען כאראקטער. קליידער, עסענווארג און אלץ, וואָס דער מענש נוצט פאר זיין אייגענעם געברויך, מוזען פון איהם רעספּעקטירט ווערען, ווי עס ווערט אזוי קלאָהר אַרויסגעבראכט אין דעם קלאסישען ווערטעל: „בירא דשתית מניה מיא לא תשדי ביה קלא״ — אין דעם ברונעם פון וועלכען דו טריַנקסט וואסער וואַרף ניט קיין שטיין.

# באַשיידענקייט און חוצפה

די נאָבעלע זײַטע פון באַשיידענקייט איז אַ וויכטיגער רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער אידישער עטיק. ניט נאָר פאַר־הערליכען דער תנ״ך, דער תלמוד און אונזער רייכע פאָלקלאָ־ריסטישע ליטעראַטור אָט די פיינע מדה, נאָר זי ווערט באַט־ראַכט אַלס איינער פון די וויכטיגסטע פאַקטאָרען אין דעם פער־זענליכען, נאַציאָנאַלען און אינטערנאַציאָנאַלען לעבענס־פאָרט־שריט. דאָרט וואו עס פעהלט באַשיידענקייט, עניוות, מוז פריהער אָדער שפּעטער אַראָגאַנץ, חוצפּה, פאַרנעהמען איהר פּלאַץ. די קאָנסעקווענץ איז — באַליידיגונג און שטרייט צווי־שען אינדיווידועלע מענשען און קריג צווישען פעלקער.

דער דייטש האָט אַ שפּריכווערטעל „באַשיידענהייט איזט איינע גוטע ציער, דאָך ווייטער קאָמט מען אָהנע איהר״. (עניוות איז אַ גוטע באַציהרונג, אָבער אָהן איהר דערגרייכט מען ווייטער). באַטראַכט עס דאָס דייטשע פאָלק ניט בלויז פאַר אַ ווערטעל, נאָר טאַקע פאַר אַ שטיק לעבענס־פילאָזאָפיע. דעם דייטש׳ם אויבערפלעכלעכע „אימער־מיט־דער־רוהע״ געלאַסענ־קייט איז דורכגעוויקט מיט אַראָגאַנץ, חוצפּה, אַגרעסיוויטעט, און באַשיידענקייט איז ניט אין זיין ווערטער־בוך. אַ דייטשער דיכטער איז דער גרעסטער אין דער וועלט, אַ דייטשער פילאָ־זאָף — ניטאָ זיין גלייכען, אַ דייטשער סאָלדאַט — אין כמוהו, און מיט ווייניגער ווי מיט וועלט־הערשאַפט ווילען זיי זיך ניט באַנוגען. אַז מען שמועסט „דייטשלאַנד איבער אַלעס״ איז דאָך ניט שייך. איז פּונקט ווי דאָס ווערטעל איז גראַמאַטיש אונקאָרעקט (מען דאַרף זאָגען „אָהנע זי״) אַזוי איז אויך די אַראָ־גאַנטע לעבענס־פילאָזאָפיע אין דער פּראַקטיק אַ פאָלשטענדיג

אומדאנקבארע. ווארום, וואס אייגענטליך האבען די דייטשען דערגרייכט מיט זייער אראגאנץ און חוצפה? קאלאסאל איז גע־ווען זייער פארלוסט אין דעם ערשטען וועלט־קריג, און פיל גרע־סער איז זייער בראך נאך דעם צווייטען גיגאנטישען וועלט־קאנפליקט.

די אידישע עטיק, אבער, האלט בלויז פון דער ערשטער העלפט פון דעם שפריכווערטעל. די אידישע לעהרע האלט אויסדריקליך, אז באשיידענקייט איז א ווערטפולע ציהרונג. אוי־סער דעם וואס עס איז אן און פאר זיך א פיינע מדה, וועלכע ציוויליזירטע מענשען דארפען פראקטיצירען, איז עס אין אלגע־מיין אן ארטיקעל מיט וועלכען עס לוינט זיך צו שפעקולירען. די אנשויאונג פון „סוף הכבוד לבא"—אז מען זייעט באשיידענ־קייט שניידט מען עהרע — איז א ניט זעלטענער פאקט אין לע־בען. זאגט דאך שוין דער בעל התהלים „ענוים ירשו ארץ" — אין מאדערנער טערמינאלאגיע — אז די צוקונפט געהערט צו די באשיידענע. די ראלע, וואס באשיידענקייט שפילט אין דער אידישער עטיק, קען מען זעהן פון צפניה הנביא'ס פאדערונג: „בקשו צדק, בקשו ענוה" — זוכט גערעכטיגקייט, זוכט באשיי־דענקייט, ביידע אויף איין שטופע. באשיידענקייט איז אזוי וויכ־טיג פאר דער עקזיסטענץ און דעם פראגרעס פון אן אינדיווידו־אום און פון א פאלק, פונקט ווי גערעכטיגקייט. און די תלמוד'־ישע עטיק געהט א שריט ווייטער און זאגט, אז אפילו אומעכטע, בלויז פרעטענדירטע באשיידענקייט איז אויך גוט, ווייל — מתוך שלא לשמה בא לשמה — זי ווערט ענדליך טראנספערירט ווערען אין אן עכטע — „געוואוינהייט איז די צווייטע נאטור".

אזוי ווי גאט איז דאך דאס פערפעקטעסטע אין דעם אוני־ווערס וואס קען געבען, ער איז דאך די פערפעקציע אליין, הייסט אונז די אידישע לעהרע זיך לערנען די איידעלע זיטע פון באשיי־דענקייט טאקע פון גאט אליין, „וועמענ'ס באשיידענקייט מען געפינט איבעראל וואו מען געפינט זיין מעכטיגקייט". און זי

אילוסטרירט גלייכציימיג אויך דעם פּראַקטישען נוצען. אויף אַן אייגענאַרטיגען, פּאַלקסטימליכען און גלענצענדען שטייגער דערצעהלט אונז דער מדרש, אַז גאָט האָט זיך באַוויזען צו משה רבינו דוקא אין א דאָרן, ווייל ער איז דער נידעריגסטער פון דער גאַנצער בוימער-פאַמיליע. אָדער ווען די העכסטע בערג האָבען, ביי מתן תורה, געקעמפּט פאַר דעם כבוד צו דינען אַלס בימה אויף וועלכער דאָס היסטאָרישסטע און הייליגסטע שטיק אין דער וועלט זאָל געשפּילט ווערען, און דער בארג סיני, דער נידעריג־סטער פון אַלע בערג, איז געשטאַנען פון ווייטען ניט וואַגענדיג זיך צו פאַרמעסטען מיט זיינע ריזיגע קאָנקורענטען, האָט גראד אָט די אומגעקינסטעלטע, עהרליך־עכטע באַשיידענקייט אימ־פּאָנירט דעם אַלמעכטיגען און ער האָט איהם, דעם קלענסטען פון די בערג, צוגעטיילט דעם כבוד.

איז דאָך דוקא משה, דער גרעסטער עניו, פּאַרטרויט גע־וואָרען מיט דער אומגעהויער וויכטיגער מיסיע צו באַפרייען אונזער פאָלק; — איז דאָך גראַד ירמיה, וועלכער האָט זיך גע־בעטען „לא ידעתי דבר כי נער אָנכי" — איך קען ניט רעדען, איך בין דאָך גאָר אַ אינגעל, אָדער יונה, וועלכער איז אַנטלאָפען אויף אַ שיף פון דעם גרויסען כבוד, פאַרטרויט געוואָרען מיט געטליכע מיסיעס. און ניט נאָר רוהט די שכינה אויף אַן עניו, נאָר ער איז זיכער מיט עולם הבא.

ראַט טאַקע די אידישע עטיק דעם מענשען צו זיין ניט ווי דער אושאַק (משקוף) פון דער טיר וואָס דעם מענשענ'ס האַנט קען ניט דערגרייכען, נאָר ווי „די שוועל וואָס כאָטש אַלע טרע־טען אויף איהר, בלייבט זי דאָך אויף איהר אָרט". די אידישע עטיק באַטראַכט דעם זיך־נידעריג האַלטענדען מענשען אַלס אַ תלמיד פון אברהם אבינו, דער פאָטער פון דעם אידישען פאָלק און פון דעם מאָנאָטעאיסטישען גלויבען — דער גלויבען אין איין גאָט. ניט נאָר איז דער זיך־נידעריג האַלטענדער מענש גלייך

ווי ער וואָלט מקריב געווען אַלע קרבנות, נאָר באַשיידענקייט איז גלייך צו גאָטספּאָרכטיגקייט.

די אידישע לעהרע באַטראַכט לשון הרע אַלס עקעלהאַפט און געפעהרליך, ווייל „עס רואינירט דריי מענשען; דעם דער־צעהלער, דעם הערער און דעם באַטרעפענדען". איז באַשיידענ־קייט ניט בלויז אַ שוץ־מיטעל געגען דער עקעלהאַפטער און גע־פעהרליכער מדה פון לשון הרע, נאָר עס דיענט גלייכצייטיג אַלס אַ פעסטונג געגען זינד אין אַלגעמיין. אַזוי עקסטרעם באַשיידען דאַרף אַ מענש זיין, אַז ווען „אפילו די גאַנצע וועלט זאָגט דיר דו ביזט אַ צדיק, זאָלסטו זיין אין דיינע אויגען ווי אַ רשע". איז דאָך באַשיידענקייט איינס פון די מיטלען, וועלכע זיינען אַ פאָר־באַדינג פאַר ערווערבען תורה, פּראָגרעסירען אין לערנען און באַרייכערען דעם מענשען׳ס וויסען.

ניט נאָר ראָט די אידישע עטיק צו פּראַקטיצירען די נאָבעלע מדה פון באַשיידענקייט צוליב דער שעהנקייט פון דער מדה אַליין, וועלכע ברענגט אגב פּערזענליכע נוצען, נאָר זי וואָרענט דורכאויס, אַז מיט באַשיידענלאָזיגקייט זינדיגט דער מענש ניט בלויז געגען זיך אַליין, נאָר געגען זיין דור. יעדער מענש, אַלזאָ, מוז פּראַקטיצירען באַשיידענקייט אויך פון אַן אַלטרואיסטישען שטאַנדפּונקט — צוליב דעם וואוילזיין פון זיין דור. די טיפזי־ניגקייט און דער ברייטער שוואונג פון אָט דעם ווייט דערגריי־כענדען קאַרדינאַלען פּרינציפּ זיינען פון אוניווערסאַלער באַדיי־טונג און פון אומגעהויערער וויכטיגקייט, באַזונדערס פאַר אונז אידען. אין אַ ציוויליזירטער געזעלשאַפט איז דאָס לעבען פון די אינדיווידועלע מענשען ענג פאַרבונדען. די באַשיידענע אָדער אַראָגאַנטע באַנעהמונג פון דעם יחיד דערפיהרט צו גינסטיגע אָדער אונגינסטיגע קאָנסעקווענצען, וועלכע באַאיינפלוסען דאָס קאָלעקטיווע לעבען פון דער געזעלשאַפט. און ווער נאָך ווי דאָס אידישע פאָלק פיהלט אַזוי דעם ביטערען טעם פון דיסקרעדי־טירט צו ווערען אַלס פאָלק פאַר אַן אונגעוואונשטען טאַט פון אַ

יחיד? באַשיידענקייט, האלט די אידישע עטיק, איז דאָס ווירק־זאַמסטע מיטעל, דער שטאַרקסטער צוים געגען אונגעוואונשטע טאַטען.

דער עסענץ פון דער אידישער אַנשויאונג וועגען דער וויכטיגקייט פון באַשיידענקייט איז אַנטהאַלטען אין דער קאַרדינאַלער קורץ־געפאַסטער באַהויפטונג „השפלתי היא הגבהתי" — מיין זיך־נידעריג האַלטען איז מיין דערהויבונג. אויב אפילו דאָס זיך־נידעריג האלטען זאָל ניט ברענגען קייןווירקליכע דערהויבונג אין וועלכען עס ניט איז זין, מאַטעריעל אָדער גייסטיג, איז די באַשיידענקייט גופא אַ דערהויבונג. אפילו היינט צו טאָג קען מען קוים געפונען אַ פאָלק וועמענ'ס עטישע לעהרע זאָל אַנטהאַלטען אַזאַ נאָבעלע אנשויאונג, וועלכע די אידישע עטיק לערענט שוין זינט פילע יאָהרהונדערטער.

פאַרשטעהט זיך, אַז דער כלל „וואָס צו פיל איז איבעריג" גילט אויך לגבי באַשיידענקייט, ווייל עס קען פיהרען צו אומאַנגענעהמע רעזולטאַטען. זאָגען דאָך די חז"ל, אז ר' זכריה בן אבקולס'ם באַשיידענקייט איז שולדיג געווען אין דעם חורבן בית המקדש.

און פונקט ווי די אידישע עטיק פאַרהערליכט באַשיידענקייט, אַזוי קוקט זי מיט עקעל אויף חוצפה, וואָס איז ווי אַ דאָרן, וואָס ווען ער ברענט פלאַקערט ער ווי ער וואָלט געזאָגט „אויך איך בין אַ בוים", אָדער אַ סאָרט „אסתרי בלגינא קיש קיש קריא" — אַ קליינע מטבעה אין אַ ליידיגער פלאַש מאַכט אַ גערודער ווען מען שאָקעלט זי. לערענט אונז די אידישע עטיק אַז „בעל גאוה אסור להכניסו בבית" — אַ בעל גאוה'ניק טאָר מען ניט אריינלאָזען אין הויז. ניט נאָר איז א בעל גאוה'ניק עובר אויף זיבצען געבאָטען און זיבצען פאַרבאָטען, נאָר דער אראַגאַנטער מענש איז גלייך ווי ער וואָלט געדינט דער עבודה זרה. ניין, נאָכמעהר, „עס איז גלייך ווי ער וואָלט געלייקענט אין גאָט".

אויך פון פראַקטישען שטאַנדפונקט איז חוצפה ניט קיין

גאַנגבאַרער אַרטיקעל, ווייל עס ברענגט פונקט די פאַרקעהרטע רעזולטאַטען. דער פּראָפעסער פון משלי האָט שוין באמערקט „גאות אדם תשפילנו״ — דעם מענשען׳ס זיך־גרויס־האַלטען דערנידעריגט איהם. אָדער ווי דער תלמוד פאָרמולירט עס „אדם שיש בו גסות רוח לסוף מתמעט״ — חוצפה פאַרמינערט ענדליך דעם מענשען. „דאָס אייזעל איז געגאַנגען זיך ערווערבען הערנער, האָט מען איהם אָפּגעשניטען די אויערען״.

אויסער דעם וואָס חוצפה איז דער פאָרלויפער פון צאָרן, רו־אינירט עס דעם מענשען. האַלט דאָך די אידישע לעהרע, אז דער דור־המבול און סדום זיינען פארניכטעט געוואָרען דורך זייער חוצפה, אַז ירבעם׳ס מפלה איז געווען די קאָנסעקווענץ פון זיין חוצפה׳דיגער האַלטונג, אַז „אבשלום נתגאה בשערו, נתלה בשערו״ — די שעהנע לאָקען מיט וועלכע דער פּרינץ אבשלום, דוד המלך׳ס זוהן, האָט שטאָלצירט, האָבען איהם אומגעבראַכט פון דער וועלט. אָדער ווי דער תלמוד באַהויפּטעט שאַרף אַז „גאוה איז איינע פון די דריי זאַכען, וועלכע פארקירצען דעם מענשען׳ס טעג און יאָהרען״.

די אידישע עטיק, האַלטענדיג אָן אויג אויף דעם וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט, פארוועהרט דעם מענשען זיך אויפצופיה־רען חוצפה׳דיג. ניט נאָר צוליב זיין פּערזענליכען גענוס, נאָר אויך צוליב דעם וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט. די חוצפה פון דעם יחיד רעפלעקטירט אויף דער סיטואַציע פון דעם כלל. דעם כלל׳ס וואוילזיין און פאָרטשריט איז אָפּהענגיג פון דעם יחיד׳ס באַנעהמונג. די אידישע לעהרע דריקט עס אויס אין דער באַ־הויפּטונג: משיח וועט ניט קומען ביידען די אידען וועלען זיין ריין פון חוצפה.

זייענדיג באַזירט אויף דעמאָקראַטישע פּרינציפּען, פאָדערט די אידישע לעהרע פון אלע פאָלקס־ שיכטען, דעם געלעהרטען און דעם אינטעלעקטואַל איינגערעכענט, זיך נישט צו האַלטען גרויס. ניט נאָר טוהט זיך אָפּ די חכמה פון א בעל גאוה׳ניק, נאָר

א תלמיד חכם, וועלכער באַנעהמט זיך חוצפּה'דיג, ווערט באַצייכענט אַלס „שוטה, רשע וגס רוח".

פון באַזונדער וויכטיגקייט איז עס פאר א פּרנס, די וועלכע שטעהען אין דער שפּיץ פון וואוילטעטיגע און צדקה אַנשטאַלטען, ניט צו זיין חוצפּה'דיג. די אידישע עטיק רעספּעקטירט געוואלדיג דעם מענשענ'ס געפיהלען, און די חוצפּה פון אַ פּרנס מוז האָבען א באַליידיגענדען עפעקט אויף דעם נויטבאַדערפטיגען. דערפאר די אויסערגעוועהנליך פראַגרעסיווע באַהויפּטונג: „ה' בוכה על פּרנס המתגאה" — כביכול אַליין וויינט אויף א חוצפּה'דיגען כלל-טוהער. וועלכעס פאָלק אין דער וועלט, אפילו אין דעם איצטיגען ראַדיאָ און אַטאָם-באָמבע יאָהרהונדערט, קען אָנווייזען אויף אזא עטישען פּרינציפּ?

די אידישע לעהרע, וועלכע האלט, אז אלץ איז געשאפען געוואָרען לויט א פאַראויס באַשטימטען פּלאַן, מיינט, אַז דער מענש האָט בכלל נישט מיט וואָס זיך צו איבערנעהמען. דער מענש איז געווען דער לעצטער אין דער וועלט-שאַפונג, ווייל טאָמער „פאַררייסט ער דעם קאָפּ" דערמאָנט מען איהם „יתוש קדמך" — דאָס קלענסטע אינסעקטעל, פליגעלע, איז דאָך באַשאפען געוואָרען פאר דיר.

דער הויפּט צוועק פון סנאָביזם, זיך גרויסהאַלטען, און חוצפּה איז דאָך צו ערנידעריגען דעם אנדערען און דורכדעם דערהויבען די פּערזענליכע רעפּוטאַציע. מאַניפעסטירט אָבער די אידישע עטיק ניט בלויז די גרונדלאָזיגקייט פון אָט דער נאַרישער אָנשוייאונג, נאָר זי באַהויפּטעט, אַז עס ברענגט גאָר דעם דיאַמעטריש-פאַרקעהרטען רעזולטאַט. אין דעם זעהר קורץ-געפאסטען אָבער שלאָגיגען זאַץ „הגבהתי היא השפלתי" פאָרמולירט די אידישע לעהרע ניט בלויז אן אקסיאָמאַטישען פאקט, אז זיך גרויס האַלטען דערנידעריגט, נאָר עס אַנטהאַלט גלייכצייטיג דעם טיף פּילאָזאָפיש-עטישען געדאנק, אז די חוצפּה'דיגע האלטונג גופא איז א דערנידעריגונג.

## גערולד און אויפרעגונג

געדולד, געלאַסענקייט איז אַ מדה וואָס ווערט שטאַרק רעקאָ־מענדירט אין דער אידישער עטיק. געדולד האָט אין זיך די אייגענשאַפט אַנצוהאַלטען אַן אנגענעהמע אַטמאָספערע אין דעם אייגענעם פאַמיליען לעבען. עס דינט אַלס וואונדערבאַרער מי־טעל אויפצוהאַלטען און צו פאַרשטאַרקען די פריינדליכע באַ־ציהונגען צווישען מענש און מענש. און עס איז כמעט דער שטאַרקסטער פרידענס־באַנד צווישען איין פאָלק און דעם אַנדע־רען — אַ מעכטיגער שוץ געגען מלחמה. לערענט אונז טאַקע די אידישע עטיק, אַז די אייגענשאַפט פון זיין געדולדיג און גע־לאַסען איז אַן אַבסאָלוטע נויטוועגדיגקייט סיי פאַר דעם וואויל־זיין פון דעם אינדיווידועלען מענשען, און סיי פאַר דער עקזיס־טענץ פון דעם פאָלק. אַזוי וויכטיג איז די אייגענשאַפט פון גע־דולד, אַז די תורה אַליין רעכענט עס אַלס איינע פון גאָט׳ס דרייצעהן אַטריבוטען.

געלאַסענקייט איז אַ וואונשענסווערטע אייגענשאַפט פון קאָלאָסאַלער וויכטיגקייט. אויסער דעם וואָס געדולד איז אַן און פאַר זיך אַ העכסט פיינע אייגענשאַפט, פאַרמאָגט זי אין זיך די קראַפט צו פאַרשאַפען דעם מענשען אַ גאַר באַזונדערען פרעס־טיזש. דער געדולדיגער, געלאַסענער מענש זיגט שטענדיג מאָ־ראַליש און גייסטיג, ווייל אַלץ וואָס ער זאָגט איז ניט אונטער דעם דראַנג פון דעם מאָמענט, נאָר עס איז דער רעזולטאַט פון פאַר־זיכטיגער איבערלעגונג און דורכטראַכטונג. דערפאַר טאַקע, האָבען זיינע ווערטער די נויטיגע ווירקונג. זאָגט דאָך שוין דער פאַרפאַסער פון משלי: „טוב ארך אפים מגבור, מושל ברוחו מלוכד עיר״ — דער געדולדיגער מענש איז בעסער, שטעהט הע־

כער, פון א גבור, און דער וועלכער באהערשט זיך, פון דעם וועלכער נעמט איין אַ שטאָדט.

געדולד איז, אַלזאָ, ניט אַ מענשליכע שוואַכקייט ווי מאַנכע מענשען האַלטען, נאָר אין געגענטייל, עס איז אַ שטאַרקייט. וואָרום געדולד פאָדערט מוט, קוראַזש און שטאַרקייט צו קאָנטראָלירען די אימפּולסען, זיך צו דיסציפּלינירען. לערענט אונז טאַקע די אידישע עטיק: „האַלט שטייף דיינע ליפּען, און אייל זיך ניט צו ענטפערען". נאָכמעהר, די אידישע לעהרע פאָרמולירט דעם דאָזיגען פּרינציפּ אין דער קורץ-געפאַסטער, שלאַגענדער באַהויפּטונג „איזהו גבור הכובש את יצרו". — ווער איז שטאַרק, דער וועלכער האַלט איין זיינע אימפּולסען. דער וועלכער איז געדולדיג און געלאַסען.

אַלס מוסטער פון געדולדזאַמקייט און געלאַסענקייט שטעלט די אידישע עטיק אַרויס ניט קיין קלענערען ווי הלל הנשיא, און זי אילוסטרירט עס מיט עטליכע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען. זי דערצעהלט אונז ווי צוויי מענשען האָבען זיך געוועט אין פיער הונדערט מטבעות אויב מען וועט קענען דערצערנען הלל'ן. האָט זיך איינער דאָס אונטערגענומען. עטליכע מאָל אין איין און דעם זעלבען טאָג האָט ער באַמיהט הלל'ן אַרויסצוקומען אין דרויסען און איהם געפרעגט „קלאָץ"-קשיות, אָבער אַנשטאָט אויפגערעגט צו ווערען, האָט איהם הלל גוטמוטיג פאַרזיכערט, אַז די פראַגעס זיינען גאָר וויכטיג, און ער האָט איהם געגעבען די געהעריגע ענטפערס. די גמרא רעקאָרדירט אויך דעם באַקאַנטען עפּיזאָד מיט דעם אומגעדולדיגען געצען-דינער, וועלכער איז געקומען צו הלל'ן ער זאָל איהם אויסלערנען די גאַנצע תורה „אויף איין פוס", און עהנליכע עפּיזאָדען. און זי פיהרט אויס, אַז הלל'ס געלאַסענקייט האָט געבראַכט מענשען „אונטער די פליגעל פון דער שכינה".

אום צו אילוסטרירען דעם פערזענליכען נוצען וואָס א מענש האָט פון זיין געדולדיג, דערצעהלט אונז די גמרא דעם פאָלגענדען

זעהר אינטערעסאַנטען עפּיזאָד: ר׳ אדא בר אהבה האָט באַגע־גענט אין גאס אַ פרוי אָנגעטאָהן אין אַ טורבאַן, וואָס איז באַ־טראַכט געוואָרען אומפּאַסיג פאַר אַ אידישער פרוי צו טראָגען. מיינענדיג, אַז זי איז א אידישע טאָכטער, האָט ער עס פון איהר אַרונטערגעריסען. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען, אַז זי איז געוועזען אַ גויה, און מען האָט איהם באַשטראָפט מיט פיער הונ־דערט זוז. האָט ער זי געפרעגט: „ווי איז דיין נאָמען?״ און זי האָט געענטפערט אַז זי הייסט „מתון״. האָט ער איהר געזאָגט: „מתון, מתון ארבע מאה זוז שויא״ — געלאַסענקייט, געלאַסענ־קייט איז ווערט פיער הונדערט זוז. ווען ער וואָלט געווען גדול־דיג, וואָלט ער זיך געוועזען איינגעשפּאָרט די סומע געלט. שטעלט טאַקע אַוועק די אידישע עטיק די רעגעל, אַז „אַ מענש דאַרף זיך שטענדיג טראַנירען צו זיין געלאַסען״.

עס איז, פאַרשטעהט זיך, באַזונדערס וויכטיג, אַז עלטערע זאָלען זיין געדולדיג מיט אינגערע, שטאַרקערע מיט שוואַכערע, אַרבייטס-געבער מיט אָנגעשטעלטע, אָבער פון אויסערגעוועהנ־ליכער נויטווענדיגקייט איז עס, אַז דיינים, ריכטער זאָלען זיין געדולדיג און געלאַסען מיט די וועלכע קומען צו זיי מיט אַ משפּט. און דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדליך, ווייל אין זייערע הענט ליגט דאָך ניט נאָר דעם גע׳משפּט׳ענס פאַרמעגען, נאָר אָפט מאָל אויך דער שיקזאַל פון זיין לעבען, און אַמאָל אויך זיין לעבען גופא. וואָרענט טאַקע די אידישע עטיק דעם ריכטער צו זיין אויסערגעוועהנליך געדולדיג.

אום צו אילוסטרירען די קראַפט פון געדולדזאַמקייט, דער־צעהלט אונז דער תלמוד, אַז ווען רבי אליעזר האָט געבעטען אויף רעגען, איז זיין תפלה ניט געהערט געוואָרען, האָט רבי עקיבא געבעטען און עס האָט אָנגעהויבען צו רעגענען. איז אַרויסגע־גאַנגען אַ בת-קול און האָט אויסגערופען, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל רבי עקיבא איז געווען מעהר געדולדיג ווי רבי אליעזר. אויסער דעם זיינען געדולד און געלאַסענקייט אַן אייגענשאַפט,

וואָס לוינט זיך צו פּראַקטיצירען פּשוט צוליב פּערזענליכע צוועקען. ווען די תלמידים האָבען געפרעגט רבי זירא׳ן אַ דאַנק וואָס ער האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע עלטער, האָט ער געענטפערט: „איך בין שטענדיג געווען גערולדיג, געלאַסען, זיך קיינמאָל ניט אויפגערעגט אין מיין הויז״.

יעדע אייגענשאַפט האָט זיך איהר ליכטיגען, וואונשענסווערטען טייל וועמענס פּאַרווירקליכונג רעזולטירט אין לויבענסווערטע, דערפרעהענדע פּאָזיטיווע קאָנסעקווענצען, און זי באַזיצט גלייכצייטיג אויך איהר שאָטענדיגען, ניט געוואונשטען טייל, וועלכער ברענגט מיט זיך בלויז אונאַנגענעמע, נעגאַטיווע רעזולטאַטען. אין אַלטעגליכען פּראַקטישען לעבען איז עס אָפט מאָל ניט אַזוי גוט מיט דעם ליכטיגען טייל פון דער אָדער יענער אייגענשאַפט ווי עס איז שלעכט מיט איהר טונקעלען געגענטייל. דער געגענטייל פון גערולד און געלאַסענקייט זיינען אויפרעגונג, צאָרן. איז ווי גרוים און סובסטענציאַל עס זאָל ניט זיין דאָס גוטע און אנגענעמע וואָס גערולד און געלאַסענקייט ברענגען דעם מענשען, איז דאָס שלעכטע און אונאַנגענעמע וואָס אויפרעגונג און צאָרן אַטעמען פיל־פאַכיג גרעסער און ערגער. אויסער דעם איז דאָך כעס אַ געמיינער פאַררעטער. ווארום פון דער נאַטור אויס וויל דאָך יעדער מענש גילטען אלס קלוגער, און אַ ווירקליך קלוגער מענש קען ניט ווערען אין כעס. לערענט אונז טאַקע דער קלוגער, פילאָזאָפישער פאַרפאַסער פון קהלת: אל תבהל ברוחך לכעוס, כי כעס בחיק כסילים ינוח״ — אייל זיך ניט אין כעס צו ווערען, ווייל צאָרן רוהט אין דעם שוים פון נאַראָנים, און ער ראַט אונז „והסר כעס מלבך״ — טהו אָפּ כעס פון דיין האַרץ.

אויפרעגונג און צאָרן אַנטהאַלטען די טייוולישע קראַפט צו פאַרטונקלען ליכטיגקייט, פיזישע און גייסטיגע. און צווישען די דריי קאַטעגאָריעס מענשען וועמענס לעבען איז קיין לעבען ניט, רעכענט די אידישע עטיק די „היץ־קעפּ״ — מענשען וועל־

כע ווערען שנעל אויפגערעגט און צאָרענדיג. שטעלט אוועק די אידישע עטיק דעם פרינציפּ, אַז דער מענש זאָל קאָנטראָלירען די אויפרעגונג און צוימען די טונקעלע און געפעהרליכע אייגענ־שאַפט פון צאָרן שוין אין זיין ענגען פאַמיליען־קרייז. וואָרום „כעס אין הויז איז ווי א וואָרעם אין מאקרעווקעס". פונקט ווי ווען דער וואָרעם מאַכט אַ לעכעלע אין דער מאַקרעווקע, שיט זיך אויס דער גאנצער מאָן, פונקט אַזוי רואינירט כעס דאָס גאַנצע פאַמיליען לעבען. און ווען דער מענש וועט זיך געוואוינען אויס־צומיידען כעס אין זיין אייגענעם פאַמיליען־קרייז וועט ער שוין במילא פראַקטיצירען דאָס זעלבע אויך אין זיין קאָנטאַקט מיט אַנדערע מענשען. אויסער דעם, „דער וועלכער וואַרפט אָן אַן איבערפליסיגע פורכט אין זיין הויז, מוז ענדליך באַגעהן דריי זינד: פיהרען אַן אויסגעלאַסען לעבען, פאַרגיסען בלוט און פאַר־שוועכען די הייליגקייט פון שבת". נאָכמעהר, „ווער עס ווערט אַזוי אין כעס אַז ער צערייסט קליידער, אָדער צעברעכט כלים, זאָל ער זיין אין דיינע אויגען גלייך ווי ער דינט דער עבודה זרה".

אַזוי געפעהרליך איז די העסליכע אייגענשאַפט פון אויפ־רעגונג און כעס, אַז אָפט מאָל איז זי מעהר שעדליך פאַר'ן בעל כעסן אַליין ווי פאַר דעם צווייטען געגען וועמען דער צאָרן איז געצילט. די אידישע עטיק געהט אַזוי ווייט און באַהויפּטעט, אַז „יעדער מענש וועלכער ווערט אין כעס, איז אויב ער איז אַ קלו־גער, טוהט זיך פון איהם אָפּ די חכמה, אויב ער איז אַ נביא, טהוט זיך אָפּ פון איהם די נבואה". און עס איז כדאי צו באַמער־קען, אַז ניט קיין קלענערער ווי משה רבינו, דער באַפרייער פון דעם אידישען פאָלק, דער געבער פון דער תורה, דער וועלכער האָט גערעדט מיט גאָט פנים אל פנים, איז אפילו ער, ווען ער איז אויפגערעגט געוואָרען און נישט קאָנטראָלירט און איינגעהאַל־טען זיין צאָרן, איז ער באַגאַנגען אַ פעהלער. נאָכמעהר, אויב אויבען אין הימעל איז באַשלאָסען געוואָרען איינעם צו דערהוי־בען, איז וויבאַלד ער איז געדולדיג און געלאַסען, איז גוט. קוים

אַבער רעגט ער זיך אויף און ווערט אין כעס, נידערט מען איהם אראָפּ.

אויך אין „ווערען אין כעס" זיינען פאראַן שטופען. איינער ווערט זעהר לייכט איבער אַ ליאַדע קליינינקייט, אין כעס, און אַ צווייטער ווערט ניט אַזוי לייכט אין כעס. איז אָט יענעם, וועלכער ווערט לייכט אין כעס, באַצייכענט די אידישע עטיק גאַנץ איינפאַך אַלס רשע. ווארום צאָרן פיהרט אַ מענשען צו אַזעלכע אַבסורדען און אומפעראַנטוואָרטליכקייטען, אַז אפילו די שכינה פאַרנעמט ביי איהם קיין אָרט ניט.

כעס איז דער באַראָמעטער פון דעם מענשען'ס מאָראַלישע שטאַטען. עס באַווייזט אַז זיינע זינד גענען גאָט און מענש זיינען מעהר פון זיינע גוטע מעשים. אויפרעגונג און צאָרן זיינען אויך אַ שטערונג אין אַ מענשען'ס פּראָפּעסיע. די אידישע עטיק זאָגט אויסדריקליך אַז אַ כעסן קען ניט זיין קיין ערפאָלגרייכער פּע־דאַגאָג, קיין ערפאָלגרייכער לעהרער.

ניט נאָר איז כעס שעדליך אין דער גייסטיגער און מאָראַ־לישער ספערע פון אַ מענשען'ס לעבען, נאָר עס איז אַ געפעהר־ליכע אייגענשאַפט אויך פון ריינעם פיזישען געזונד־שטאַנד־פּונקט. וואָרענט טאַקע די אידישע עטיק אַז „ אַ מענש זאָל זיך ניט אויפרעגען ביים עסען". „כעס ברענגט אויף מענשען גייס־טיגע ליידען און קערפּערליכע קראַנקהייטען". עס איז איבע־ריג צו באַמערקען, אַז אָט די דאָזיגע פּרינציפּען, וועלכע די אי־דישע עטיק האָט אַוועקגעשטעלט מיט טויזענטער יאָהר צוריק, זיינען הייגט צו טאָג אַקסיאָמען אין דער מעדיצין. אָט דאָס אַליין איז גענוג באַווייז פאַר דער געזונטער אויסגעהאַלטענ־קייט פון דער אידישער עטיק.

מיט וואָס פאַר אַן אויסדריקליכער שאַרפקייט די אידישע עטיק ווערט זיך געגען דער העסליכער אייגענשאַפט פון אויפ־רעגונג און כעס קען מען זעהן פון איהר קלאָהרער, אָהן צוויי־דייטיגער באַהויפּטונג, אַז דער בעל כעסן איז גלייך ווי ער דינט

די עבודה זרה. יעדער בעל כעסן וועט צוגעבען, אז אזוי שנעל ווי דער כעס געהט איהם אפּ, טהוט עס איהם הארציג באנג. איז טאקע גלייכער און קלוגער צו פאָלגען דער אידישער עטיק, זיך ניט אויפרעגען און ניט ווערען אין כעס, נאָר צו זיין געדולדיג און געלאסען, און דורכדעם פארשפּאָרען דעם אנדערען ערגער־ניש און זיך געוויסענסביסע. געדולד און געלאסענקייט זיינען וויכטיגע פאקטאָרען אין דעם פּראָצעס פון שאפען א בעסערע און לייטישערע מענשהייט.

# איינִיגקייט און צעשפּליטערטקייט

אייניגקייט איז איינער פון די אַבסאָלוט נויטיגסטע ווינקעל־שטיינער, אויף וועלכע אַ גליקליך פאַמיליען, געמיינשאַפט־ליך, נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל לעבען מוז באַזירט זיין. אייניגקייט אין דעם פאַמיליען לעבען אָטעמט מיט צופרידענ־קייט און גליק. אין געמיינשאַפטלעכען לעבען איז אייניגקייט דער פארלויפער, וועלכער איז אינסטרומענטאַל אין שאַפען, און צעמענטירט גלייכצייטיג, גאגענזייטיגע פריינדליכע באַציהונגען. אין נאַציאָנאַלען לעבען איז אייניגקייט דער באַזיס פון מעכטיג־קייט, און אין אינטערנאַציאָנאַלען לעבען איז אייניגקייט דער שליסעל צו שלום.

איז קיין וואונדער ניט, וואָס די אידישע עטיק באַמיהט זיך צו לערנען דעם מענשען די וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער פונדאַ־מענטאַלער און קארדינאַלער אייגענשאַפט. אַ גאָר אַלטער מדרש ערקלעהרט עס מיט אַן עלעמענטאַרען, אָבער גלייכצייטיג, אַזוי טיף־אמת׳דיגען ביישפּיל, אַז פּונקט ווי אַ בינטעל צוזאַמענגע־בונדענע ריטלעך קען דער שטאַרקסטער מענש ניט צעברעכען, אין דער צייט, ווען איינציגווייז קען עס אפילו אַ קינד באַוויַיזען, אַזוי אויך דאָרט, וואו עס עקזיסטירט אייניגקייט אין דער פאַמי־ליע, צווישען פריינד, פאָלק און פעלקער, הערשט פונדאַמענטאַלע שטאַרקייט און אומבאַזיגבאַרע מעכטיגקייט.

אַ ספּעציעלען געוויכט לעגט די אידישע עטיק אויף נאַציאָ־נאַלער אייניגקייט, עס איז אַן אונבאַשטרייטבאַרער אמת, אַז קיין פאָלק אונטער דער זון, קען עקזיסטירען אַלס אַ פאָלק, פּרע־זערווירען זיינע ספּעציפישע אייגענשאַפטען, פיהרען אַן אייגענ־אַרטיגען לעבען און ניט פארשלונגען ווערען פון די ארומיגע

פעלקער, אויב דער ווינקעלשטיין פון דעם באטרעפענדען פאלק רוהט ניט אויף דעם באזיס פון אייניגקייט. דער דאזיגער אונ־באשטרייטבארער פאקט גילט ניט בלויז אין קריג׳ס צייט אדער אין אנדערע קריטישע מאמענטען פון א פאלק׳ס געשיכטע, נאר אויך אין נארמאלע פרידליכע טעג. א פאלק, וועמענס לעבענס־נערוו פולסירט ניט מיט אייניגקייט, א נאציע וועמענס אדערן־בלוט באשטעהט ניט פון אחדות־קארפוסעלס, מוז, פריהער, אדער שפעטער אפגעווישט ווערען פון ערד־קוגעל אלס אזעלכעס. עס מוז פארלירען זיינע ספעציפישע, אייגענטימליכע אייגענ־שאפטען, און דערמיט אויך זיין עקזיסטענץ אלס פאלק.

עס זיינען אפילו ניט נויטיג קיין געשיכטליכע באוויזען, אז פעלקער אלס אזעלכע, זיינען פארשוואונדען פון דעם ערד־קוגעל, אלס רעזולטאט פון אומאייניגקייט. וואלט דאס רוסישע פאלק ניט געווען אין זייער קריטישסטען מאמענט אין דער צווייטער וועלט מלחמה, „אלע פאר איינעם און איינער פאר אלע״, דאן וואלט עס שוין איצטער געווען שקלאפען ביי די בארבארישע נאצי־פינסטערלינגע. און אויב אייניגקייט איז וויכטיג פאר דער עקזיסטענץ פון א פאלק, וואס לעבט אויף זיין אייגענעם באדען, איז עס פון דער קאלאסאלסטער נויטיגקייט פאר א פאלק, וואס לעבט שוין א צוויי צעהנדליג יאהרהונדערטער צעזייט און צע־שפרייט איבער אלע ווינקעלעך פון דער וועלט, פאר א פאלק, וואס איז איבעראל אן אומבאדייטענדע מינאריטעט, ווי עס איז דער פאל מיט דעם „אלטען ישראל׳יק״.

אייניגקייט איז דער בארמעטער פון א פאלקס שטארקייט, עס איז דער יסוד פון א פאלקס עקזיסטענץ. געווים איז אונזער טויזענטער יאהר אלטע רעליגיע אונזער שטארקסטער וואפען געגען אונזערע בלוטיגע פיינד אין גלות אין פארלויף פון קנאפע צוואנציג יאהרהונדערטער. זיכער איז אונזער עקזיס־טענץ אלס אידיש פאלק די קאנסעקווענץ פון אונזער רעליגיע. עס איז קיין צווייפעל ניט, אז אונזער טויזענטער־יאהר אלטע

רייכע קולטור, און אינטענסיווו אידיש רעליגיעז-נאַציאָנאל לע־בען, זיינען שטענדיג געווען אונזער מעכטיגסטער שוץ פאַר אונ־זער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק און האָבען געדינט אַלס אונ־זער שטאַרקסטער וואפען געגען די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען און ברוטאַלסטע אונטערדריקונגען. אָבער מען מוז אין זינען האָבען אַז אייניגקייט איז דער קערפער אָהן וועלכען די נשמה פון א פאָלק קען זיך ניט האַלטען.

אייניגקייט מוז זיין געבויט אויף אַ פּאָזיטיווען, קאָנקרעטען פונדאמענט, און ניט אויף אַ נעגאַטיווען באַזיס. אַן אייניגקייט, וואָס איז ניט דער רעזולטאַט פון דער נאָבעלער, פּאָזיטיווער אידעאָלאָגיע פון אידישקייט, אַן אייניגקייט, וואָס באַרוהט בלויז אויף „געגען אַנטיסעמיטיזם" אָנשטאַט אויף „פאַר אידענטום", אַן אייניגקייט, וועלכע שיילט זיך ארוים פון פאַרפאָלגונגען, וואָס איז א קינד פון קאָנצענטראַציע-לאַגערס, אַזאַ אייניגקייט איז אַן אַבנאָרמאַלע ערשיינונג, און איז במילא געפעהרליך פאַר דער עקזיסטענץ פון א פאָלק.

אום צו סימבאָליזירען די וויכטיגקייט פון אייניגקייט, דער־צעהלט אונז די אידישע עטיק, אַז די „פיער מינים" פון סוכות, רעפּרעזענטירען פיער קלאַסען מענשען: די געלעהרטע, וועלכע זיינען גלייכצייטיג וואוילטוהענדע מענשען; די וועלכע באַזיצען ניט ביידע אייגענשאַפטען; די, וועלכע לערנען, אָבער זיינען ניט וואוילטוהענד, און די וועלכע פּראַקטיצירען גוטע טאַטען, אָבער לערנען ניט. איז פּונקט ווי די פיער מינים זיינען צוזאַמענגעבונ־דען, אַזוי דאַרף דאָס אידישע פאָלק זיך האַלטען צוזאַמען. אַט די בריית-שוואונגיגע אויסטייטשונג סימבאָליזירט קלאָהר די וויכ־טיגקייט פון אייניגקייט אַלס פונדאַמענט פון דער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק אַלס אַזעלכעס. ווען אַלע קלאַסען און שיכטען פון דעם פאָלק האַלטען זיך צוזאַמען, ערגענצט איינס דאָס אַנדערע, סופּלעמענטירט איינער דעם צווייטען, און דאָס

שטארקט, צעמענטירט און פארפעסטיגט דעם פאלק׳ס עקזים־טענץ.

ראט טאקע די אידישע עטיק אין דער שארפסטער טערמינאָ־לאָגיע, געגען שאפען אלע מאָל נייע פארטייען. פון דעם רעלי־גיעזען שטאנדפונקט געהט די אידישע עטיק אזוי ווייט, אז זי באהויפטעט, אז אין דער צייט, ווען די אידען זיינען פאראייניגט, איז אפילו ווען עס זיינען פאראן צווישען זיי געצענדינער, קען דער מדת הדין זיי ניט דערגרייכען. און פון דעם נאציאנאלען שטאנדפונקט, ווידער, מאכט די אידישע עטיק די וואגענדע דער־קלעהרונג, אז די אידען וועלען ניט אויסגעלייזט ווערען אזוי לאנג ווי זיי וועלען ניט זיין „אגודה אחת" — איין פארטיי, מיט איין אידעאל און מיט איין שטרעבונג.

איז עס ווירקליך מערקווירדיג, וואס גראד דאס פאלק, ווע־מענם גאנצע לעבענס־פילאזאפיע און וועלט־אנשויאונג הויבט זיך אן און איז באזירט אויף „אחד", גראד דאס פאלק, וואס איז געוועזען דאס ערשטע צו פראקלאמירען צו דער גאנצער מענש־הייט, אז די אלמעכטיגקייט איז נאר אין „אחד", דוקא אט דאס פאלק איז כמעט דער „טשאמפיאן" פון צעשפליטערטקייט, פון אינערליכער צעריסענקייט, פון אומצאהליגע פארטייען און פאר־טייעלעך. וואלטען די מענשען געשטעלט די אידייע העכער פון דעם איך׳יזם, דעם נויטיגען צוועק פאר דעם קאלעקטיוו העכער פון פערזענליכע אמביציעס; וואלטען זיי באטראכט דעם כלל־ישראל וויכטיגער ווי ר׳ ישראל, און אייניגקייט צוליב אלטרואיזם העכער פון צעשפליטערונג צוליב עגאאיזם, דאן וואלטען דאך אלע וועגען, אהן ספק, געפיהרט צום געוואונשענעם פונקט.

און פונקט ווי אייניגקייט איז א גליק פאר דער מענשהייט, אזוי איז צעשפליטערטקייט און צאנקעריי די רואינירונג פון דעם יחיד׳ס און פון דעם כלל׳ס עקזיסטענץ. ווארענט די אידישע עטיק אין די שטארקסטע ווערטער, געגען אט דער שאדען־ברענ־

גענדער אייגענשאפט. ניט קיין קלענערער ווי דער פארפאסער פון משלי, האט שוין באהויפטעט, אז בעסער א טרוקענער ביסען אין רוהיגקייט, איידער א הויז פול מיט פלייש-מאלצייטען אין צאנקעריי. ווי זאגט דאס גמרא ווערטעל, „צאנקעריי און אונאייניגקייט אין הויז איז ווי דאס ווערימעל, וואס פרעסט אויף דעם מאן". די תלמודישע עטיק געהט אפילו אזוי ווייט און באהויפטעט, אז ווער עס רייסט זיך ארום איז „עובר אויף א לאו". און „דער וועלכער העלפט שאפען צעשפליטערטקייט, דעם נעמט גאט אוועק דעם זכרון".

אום צו איבערצייגען דעם מענשען אין דער געפעהרליכקייט פון צאנקעריי און צעשפליטערטקייט, מאכט אונז די אידישע עטיק אויפמערקזאם אויף איהר אייגענטימליכען אופן, אז די אי־ניציאלען פון דעם ווארט „מחלקת" ווייזען אן אויף: מכה, חרון, לקוי, קללה, תועבה. זאגט אונז טאקע די אידישע עטיק, אז די גאנצע וועלט עקזיסטירט בלויז צוליב דעם מענשען, וועלכער מיידט אוים צעשפליטערטקייט, ווארום צאנקעריי און צעשפלי־טערטקייט זיינען פונקט ווי פריי-געלאזט וואסער, ווי נאר עס הויבט אן רינען, רייסט עס אלץ ווייטער און ווייטער. נאכמעהר, צעשפליטערטקייט איז א דאבעל-שארפע שווערד. „אשתרי חד חבל, אשתרו תרי חבלין" — ווען מען קניפט אויף איין שטריק, ווערען צוויי שטריק לויז.

די אידישע געשיכטע איז רייך אין ביישפילען, ווי טייער עס האט אפט געקאסט דעם אידישען פאלק די צעשפליטערונג פון די אידישע פיהרער אין פארשידענע דורות. מען דארף אין זינען האבען, אז די אידישע עטיק פאדערט פון אלע קלאסען מענ־שען אויסצומיידען צעשפליטערונג. אלע אידען, פיהרער ארייג־גערעכענט, זיינען פאראנטווארטליך איינער פאר דעם אנדערען. און קיין איד, אפילו א פיהרער, האט ניט קיין מאראליש רעכט ארייןצוברענגען צעשפליטערטקייט אין די אידישע רייהען.

עס איז א היסטארישער פאקט, אז די נאציאנאלע דורכפא־

לען, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט געליטען אפילו אין דער צייט, ווען זיי זיינען געזעסען „איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו" אויף אונזער אייגענעם באָדען, זיינען גרעסטענטיילס געווען דער רעזולטאַט פון אינערליכער צעשפּליטערונג. און וואָלט דאָס אידישע פאָלק אין גלות, איין מאָל פאר אלע מאָל, איינגעזעהן, אז אונזער „זיין" אָדער, חס ושלום „ניט זיין", איז אבסאָלוט אָפּהענגיג פון דעם גראד אייניגקייט, וואָס עקזיסטירט אין אונזערע רייהען, וואָלט אפילו אין גלות אונזער לאגע געווען א גינסטיגערע. וואָלטען, צום ביישפּיל, אלע אידען געווען פאַר־אייניגט בנוגע ארץ ישראל, וואָלטען מיר היינט צו טאָג געהאט אן אייגען לאנד אנשטאט א פרעמדען „ווייסען פּאַפּיר". דער באַקאַנטער אנעקדאָט, אז ווען צוויי אידען קומען זיך צוזאַמען זיינען פאַראַן דריי מיינונגען, איז ליידער געוויסערמאָס אמת. עס איז קיין צווייפעל ניט, אז א היבשער טייל פון אונז זיינען „איפכא מסתברא'ניקעס". אָבער דערמיט איז נאָך ווייט ניט געזאָגט, אז מיר קענען ניט רעגולירען דאָס אידישע לעבען אין אלע זיינע ריכטונגען און שאַטירונגען אויף דעם אבסאָלוט נויטיגען באַזיס פון אייניגקייט.

ראָט אונז די אידישע עטיק, צו האָבען אין זינען, אז „אחרית קטטה — חרטה" — צעשפּליטערטקייט פאַרזייעט לייד, און זי שטעלט אוועק דעם קאַרדינאַלען פּרינציפּ „אל תפרוש מן הצבור" — זיי א טייל פון דעם פאָלק און אַרבייט צוזאַמען מיט דעם פאָלק פאַר דעם וואוילזיין פון דעם פאָלק. דער וועלכער טיילט זיך אָפּ פון דעם פאָלק און העלפט ניט פאַרשטאַרקען דעם פאָלק'ס אייניגקייט, איז פּונקט ווי יענער, וועלכער האָט געבוירט א לאָך אין דער דעק פון דער שיף, וועלכע האָט זיך געפונען אין מיטען ים, און ווען מען האָט איהם געפרעגט „סטייטש! היתכן! וואָס הייסט עס?" האָט ער געענטפערט: „וואָס איז דאָס אייער עסק, איך בויער דען וואו איהר זיצט, איך בויער דאָך אויף מיין פּלאַץ, און מיט מיין פּלאַץ קען איך מאַכען וואָס מיין הארץ געלוסט".

אַלזאָ, צאַנקעריי און צעשפּליטערטקייט זיינען רואינירענדע פאַקטאָרען פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ געזונט פאַמיליען, נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל לעבען. צעשפּליטערטקייט פאַרניכטעט און פאַראייניגונג בויעט. ראַט אונז, און מיט רעכט, די אידישע עטיק, צו פּראַקטיצירען די זעהר נויטיגע אייגענשאַפט פון פאַראייניגונג, וואָס איז דער עסענץ פון אַ דויערהאפטער אידישער עקזיסטענץ.

# בילדונג און איגנאָראַנץ

דער קאָראַן, די אַראַבישע ביבעל, האָט באַשאַנקען דאָס אידי־שע פאָלק מיט דעם טיטול „דאָס פאָלק פון בוך". איז דאָס, היסטאָריש גערעדט, זיכער אן עהרליך פארדינטער טיטול, ווייל בילדונג און אידענטום געהען האַנט אין האַנט. אידענטום אָהן תורה, אָהן בילדונג, איז ווי א קערפּער אָהן א נשמה. גלאָרי־פיצירט טאַקע די אידישע עטיק זינט די אומדענקבארסטע צייטען בילדונג, געלעהרזאַמקייט אַלס דעם וואונשענסווערטען לעבענס אידעאַל. בילדונג איז אַן הויפּט אָביעקט אין דער אידי־שער עטיק, און זי פאָדערט אויף דעם אידען צו לערנען, וואו ער זאָל זיך ניט געפונען און אונטער וועלכע אומשטענדען ער זאָל ניט לעבען. די אידישע עטיק אַנערקענט ניט קיין שום אַנט־שולדיגונג פאַר ניט לערנען, פאַר זיך ניט אויסבילדען אין דעם אידישען זינען. די אידישע עטיק, וואָס איז געבויט אויף דעמאָק־ראַטישע פּרינציפּען, פאָדערט פון יעדען אידען, מאַן און פרוי, רייך און אָרעם, געזונט און קראַנק, יונג און אַלט, קעניג און אונ־טערטאַן צו באַשטימען צייט צו לערנען. עס איז אַן אַבסאָלוטער מוז, אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו. נאָכמעהר, עס איז אַ מצות עשה — א תורה־געבאָט, אַז יעדער איינער זאָל לערנען.

דער תנ"ך און דער תלמוד זיינען פול מיט שטעלעס, וועלכע רעגולירען אידישע ערציהונג. אַזוי, צום ביישפּיל, פאָדערט דער תנ"ך, אַז א אידישער קעניג זאָל באַזיצען אַ תורה „און ער זאָל אין איהר לערנען אַלע טעג פון זיין לעבען".

ווען יהושע איז געוואָרען משה רבינו'ס נאָכפאָלגער, איז ער באַפוילען געוואָרען: „די תורה זאָל זיך ניט אָפּטאָהן פון דיין מויל, און דו זאָלסט אין דעם אַריינקוקען טאָג און נאַכט". דער

אידישער באגריף וועגען לערנען, בילדונג, ערציהונג איז גלענ־צענד סומירט אין דעם קורץ־געפאסטען, אָבער פיל־זאָגענדען ביבלישען פסוק „אמר לחכמה אחותי את, ומודע לבינה תקרא" — זאָג צו חכמה: „דו ביזט מיין שוועסטער און פאַרשטענדעניש באַצייכען אַלס פריינד". ווייל „גליקליך איז דער מענש, וועל־כער שאַפט זיך איין חכמה, און דער, וועלכער ערווערבט זיך פאַרשטענדעניש".

אזוי ווי דעם מענשען'ס כאַראַקטער הויבט זיך דאָך אָן פאַר־מירען אין זיין פריהסטער יוגענד, לעגט די אידישע עטיק באַ־זונדער געוויכט אויף קינדער ערציהונג. די תורה באַשטימט דעם פאָזיטיוועז געבאָט „ושננתם לבניך", „ולמדתם את בניכם" — און איהר זאָלט לערנען אייערע קינדער. און אויך דאָס קינד איז געבאָטען זיך אַקטיוו צו באַטייליגען אין דעם ערציהונגס פראָצעס. „פאָלג, מיין קינד, דעם טאַטען'ס אונטעררייכט, און פאַרלאָז ניט דיין מוטער'ס לעהרע".

פאר ווי וויכטיג די אידישע עטיק האלט בילדונג, קען מען אם בעסטען אורטיילען פון דער קלאַסישער תלמוד באַהויפטונג „לערנען איז גלייך צו אלע אנדערע מצוות". נאָך אין דעם דריי־טען יאָהרהונדערט פון דער איצטיגער צייט־רעכענונג איז די אי־דישע עטיק געווען געננג ווייטזיכטיג צו באַהויפטען, אז תורה, לערנען, איז איינער פון די דריי זיילען, אויף וועלכע די וועלט עקזיסטירט. די אידישע לעהרע קען זיך ניט פאָרשטעלען א גליקליכע פרידליכע וועלט אָהן בילדונג. „תורה איז ליכט" — איז אַ קאַרדינאַלער פרינציפּ אין דער אידישער לעהרע.

לערנען תורה לשמה איז דער טראַדיציאָנעלער אידישער אידעאַל, און עס פיהרט עווענטועל צו גוטע טאַטען. די חז"ל זיינען אפילו גענויגט צו געבען „לערנען" פריאָריטעט איבער „מעשים טובים", ווייל לערנען ברענגט דעם מענשען צו גוטע טאַטען. אפילו אָרימקייט איז קיין אַנטשולדיגונג פאַר פאַרנאַכ־לעסיגען לערנען. הלל הזקן דינט אַלס קלאַסישער ביישפּיל דער־

פאר. הלל הנשיא איז געווען א האָלץ-העקער. מיט א האלב פון זיין פארדינסט האט ער ערנעהרט זיך און זיין פאמיליע, און די אנדערע העלפט פלעגט ער באצאָהלען שכר לימוד צו קענען לערנען אין דער ישיבה פון שמעיה און אבטליון. אין א געוויסען ווינטערדיגען פרייטאג האט ער גארניט פארדינט, און מען האט איהם ניט אריינגעלאָזט צום שיעור. איז ער ארויפגעקראָכען אויף דעם דאך און אזוי ארום געהערט דעם שיעור. עס איז געווען א שטארקער פראָסט, א שניי האט געהאלטען אין איין פאַלען, און מען האט איהם שפעטער געפונען דריי פוס טיף אין שניי *).

אין איינקלאנג מיט דעם תנ"ך-גייסט ראט די אידישע עטיק אנצוהויבען מיט קינדער-ערציהונג אזוי פריה ווי מעגליך, ווייל לערנען אין דער יוגענד איז גלייך ווי שרייבען אויף ריין פאפיר, בעת אנהויבען לערנען אויף דער עלטער, איז ווי שרייבען אויף אפגעמעקט פאפיר. און דאס איז אויך גאנץ לאגיש און פארנונפטיג, ווייל „אם אין גדיים אין תיישים" — אז עס זיינען ניט פאראן קיין ציגעלעך, זיינען ניטא קיין בעק.

האט די אידישע לעהרע אנידערגעלעגט דעם פאזיטיווען געבאט, אז יעדער מענש מוז אנהויבען לערנען זיין קינד אזוי שנעל ווי עס הויבט אן צו רעדען. זי רעגולירט אפילו וועלכע געגענשטאנדען אין וועלכע יאהרען אנצוהויבען. און ניט נאר מוז א מענש לערנען זיין אייגען קינד, נאר ער מוז אויך זארגען פאר דער ערציהונג פון פרעמדע קינדער. אזוי וויכטיג האלט די אידישע עטיק דאס העלפען אויסבילדען פרעמדע קינדער, אז זי

*) אין יומא לה, ב, וואו דער דאזיגער עפיזאד ווערט דערצעהלט, שטעהט ניט אז הלל איז געווען א האָלץ-העקער, אבער אונזער גרויסער רבי, דער בארימטער גאון מרן ר' חיים העליר שליט"א, האט מיר געוויזען אז דער רמב"ם ז"ל אין זיין פירוש אויף פרקי אבות, פרק ד', זאגט בפירוש אז הלל איז געווען א „חוטב עצים" — א האָלץ-העקער.

באהויפּטעט : „דער, וועלכער לערענט דעם צווייטענ'ס אַ קינד תורה, איז גלייך ווי ער וואָלט געוועזן זיין פאָטער".

די אידישע עטיק באַשרענקט ניט ערציהונג בלויז פאר דער יוגענד. יעדער איד מוז לערנען. די חכמים ראַטען בלויז ניט עס אָפּצולעגען אויף שפּעטער, מאָרגען, איבערמאָרגען, ווייל אַ מענש ווייסט דאָך ניט צי ער האָט אַ מאָרגען. די אידישע עטיק ראָט יעדען איינעם זיך צו באַזאָרגען מיט אַ לעהרער, אָבער ניט קיין צו יונגען, ווייל לערנען פון אַ צו יונגען איז ווי צו עסען אומ־צייטיגע ווינטרויבען, דאַגעגען, לערנען פון עלטערע איז ווי צו עסען צייטיגע ווינטרויבען. און געוועהנליך איז עס ראַטזאַם צו באַשטימען געוויסע שטונדען צו לערנען. אָבער גאָר גוט איז עס צו לערנען אין צווייען, זאַלבענאַנד, ווייל טאָמער פארגעסט איינער, וועט אים דער צווייטער דערמאָנען. גלייכצייטיג וואָרנט אונז די אידישע עטיק ניט צו שטאָלצירען מיט לערנען. „אויב דו האָסט פיעל געלערענט, זאָלסטו דערמיט ניט שטאָלצירען, ווייל צוליב דעם ביסטו באַשאַפען געוואָרען". אַלזאָ, לויט דער אידישער אויפפאסונג איז דער מענש באַשאַפען געוואָרען נאָר צוליב לערנען, און דאָס איז גאַנץ קאָנסעקווענט, ווייל „לערנען ברענגט צו גוטע טאַטען". עס איז אויך ראַטזאַם פאר אַ מענשען זיך צו געפונען אַזוי אָפּט ווי מעגליך אין דער געזעלשאַפט פון געלעהרטע, און אויך זעהן צו מאַכען זיין הויז פאַר אַ „בית ועד לחכמים", אַן אָרט, וואו געלעהרטע זאָלען זיך קענען טרעפען.

עס איז אַ פאַטאַלער טעות צו מיינען, אַז די אידישע עטיק איז געגען פרויען־בילדונג. מען הערט אָפט ציטירען די באַקאַנ־טע תלמוד'ישע באַהויפטונג „כל המלמד בתו תורה כאלו מלמדה תפלות" — דער, וועלכער לערענט זיין טאָכטער תורה, איז ווי ער וואָלט זי געלערענט אומאַנשטענדיגקייט. אָבער די זעלבע ציטירער ווייסען ניט, אָדער מאַכען זיך ניט וויסענדיג, אַז אין דער זעלבער גמרא און אויף דעם זעלבען עמוד שטעהט — „חייב אדם ללמד את בתו תורה" — אַ מענש איז פארפליכטעט צו

לערנען זיין טאָכטער תורה — איהר צו געבען אַ אידישע ערצי־הונג (זעה סוטה כ׳ א׳). דערצעהלט אונז דאָך די גמרא, אַז אין די צייטען פון חזקיהו האָט מען ניט געקענט געפונען פון דן ביז באר שבע אַ פרוי, וועלכע איז ניט געווען אַ „בקיאה״ אין „הלכות טומאה וטהרה״. ווייסען מיר דאָך, אַז ברוריה, רבי מאיר׳ס פרוי, איז געווען אַ באַריהמטע געלעהרטע, און די גמרא רעכענט זיך אפילו מיט איהרער אַ מיינונג. זיינען דאָך רש״י׳ס טעכטער געווען באַקאַנט אַלס תנ״ך און תלמוד קענער, און נאָך פילע אַנ־דערע פרויען אין אַלע דורות.

ביי אידען איז אַ ספר תורה דאָס הייליגסטע וואָס קען גע־בען. דאָך מעג מען פאַרקויפען אפילו אַ ספר תורה אויב עס איז צוליב מעגליך מאַכען צו לערנען תורה. מען מעג אויך פאַרלאָזען ארץ ישראל אויב דער צוועק פון דער רייזע איז צו לערנען תורה.

אויף ווי וויט די דעמאָקראַטישע פרינציפען אָפערירען אויך אויף דעם געביט פון אידישער ערציהונג קען מען זעהן פון פאָל־גענדעם: „עס זיינען פאַראַן דריי קרוינען, די קרוין פון כהונה, פון מלכות און פון תורה. צו דער קרוין פון כהונה האָט אהרן הכהן זוכה געווען, צו דער קרוין פון מלכות — דוד המלך, און די קרוין פון לערנען איז נאָך פריי, און יעדער איינער, וועלכער וויל נאָר, קען זי זיך ערווערבען.״ „תורה, אַלזאָ, געהט ניט בירושה, און יעדער איד, פון וועלכען יחוס ער זאָל ניט שטאַמען, קען ווערען דער אַנערקענטסטער געלעהרטער ביי אידען, אויב ער ערווערבט זיך עס.

די אידישע עטיק באַצייכענט תורה אַלס „לעבענס־בוים״, ווייל אָהן תורה, אָהן אַ אידישער ערציהונג, קען דאָס אידישע פאָלק נישט עקזיסטירען אַלס אַזעלכעס. דער וואָגיגער אמת פון דעם דאָזיגען אַקסיאָם איז גלענצענד אילוסטרירט אין תלמוד דורך דעם פאָלגענדעם משל: אַ פוקס, שפּאַצירענדיג ביים ברעג פון טייך, האָט באַמערקט ווי די פיש זיינען עפּעס שטאַרק צע־רודערט. אויף זיין פראַגע וועגען דער אורזאַך, האָבען זיי איהם

געענטפערט, אַז דאָס איז אוים מורא פאַר די פישער־נעצען. נו — זאָגט דער פוקס — קומט אַרויס צו מיר אויף דער יבשה ווע־לען איהר און איך לעבען צוזאַמען פונקט ווי מיינע עלטערען האָבען געלעבט מיט אייערע". ענטפערען די פיש: „אַט דאָס ביזטו עס דער יעניגער, וועלכען מען האַלט פאַר דעם קלוגסטען אין דער חיות־וועלט! ניט קלוג ביזטו, נאַר נאַריש. אויב אונזער עקזיסטענץ איז אין געפאַהר אין אונזער זיכערסטען אָרט, ווי־פיל זשע נאָך געפעהרליכער וועט עס זיין דאָרט וואו דער זיכע־רער טויט לאָקערט אויף אונז!"

אויב, אלזאָ, אונזער עקזיסטענץ אַלס א י ד י ש פאָלק איז אין שטענדיגער געפאַהר, ניט געקוקט אויף אונזער אומצע־שטערבאַרע פעסטונג די תורה — אידישע ערציהונג — וויפיל זשע נאָך געפעהרליכער וועט זיין אונזער פּאָזיציע אָהן דער אומבאַזיגבאַרער פעסטונג!

אַלס דער לאָגישער קאָנסעקוועגץ פון דער אומגעהויערער וויכטיגקייט מיט וועלכער די אידישע לעהרע באַטראַכט ביל־דונג, פאָדערט זי צו רעספּעקטירען די פאַקעל־טרעגער פון ביל־דונג. פאַר אַזוי וויכטיג באַטראַכט דאָס אידענטום דעם געלעה־רטען, אַז אויב אַ תלמיד חכם און אַ אידישער קעניג ווערען געפאַנגען, דאַרף מען צוערשט אויסלייזען דעם תלמיד חכם. נאָכ־מעהר, אפילו אַן אומגעזעצליך־געבוירענער, אויב ער איז אַ תלמיד חכם, שטעהט ער העכער פון אַן אומוויסענדען כהן גדול.

לערנען איז דער באַזיס פאַר אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק. אָהן תורה קען ניט זיין קיין אידיש פאָלק פונקט ווי עס קען ניט געמאָלט זיין אַ תורה אָהן אַ אידיש פאָלק. איז עס קיין וואונדער ניט, וואָס פונקט ווי די אידישע עטיק גלאָריפי־צירט בילדונג אין די קאָלירפולסטע פאַרבען, אַזוי פאַרהאַסט זי עם־הארצות. און נאָך מעהר טרעט זי אַרויס געגען דעם אַזוי גערופענעם „פרומען" עם הארץ. מיט אַזאַ איינעם איז ראַטזאַם אפילו ניט צו וואוינען אין דער זעלבער נאַכבאַרשאַפט.

פאַר אזוי נידעריג האלט די אידישע עטיק דעם אומוויסענדען מענשען, אז זי ראַט דעם מענשען צו פארקויפען אלץ וואָס ער פאַרמאָגט, און ער זאָל הייראַטען די טאָכטער פון אַ געלעהרטען, פון אַ תלמיד חכם, און זאָל ניט נעהמען די טאָכטער פון אַן עם הארץ. „און דער, וועלכער פארהייראַט זיין טאָכטער צו אַן עם הארץ, איז גלייך, ווי ער וואָלט זי געבונדען און איבערגעלאָזען פאַר אַ לייב". נאָכמעהר, די אידישע לעהרע איז אין דער מיי־ [...] זונג, אַז אַלע אומגליקען וועלכע קומען אויף דער וועלט, זיינען דער רעזולטאַט פון איגנאָראַנץ, פון אומוויסענהייט, עם הארצות. אזוי גרויס איז דער אומצוטרוי צום אומוויסענדען מענשען, אַז די אידישע עטיק ראַט ניט אָנצונעהמען זיין עדות זאָגען, איהם ניט אָנפארטרויען פאראַנטוואָרטליכע וואוילטעטיגע אַמטען.

געוועהנליך האָבען אומוויסענדע מענשען ניט זעהר ליב דעם געלעהרטען, דעם אינטעלעקטואַל. די גמרא דערצעהלט דעם פאָלגענדען זעהר אינטערעסאַנטען עפּיזאָד: „רבי עקיבא, וועלכער איז, ווי באַקאַנט, געווען אין זיינע יונגע יאָהרען זעהר אומוויסענד, האָט אַליין געזאָגט אויף זיך: „ווען איך בין געווען אַן עם הארץ, פלעג איך זאָגען אַז ווען מען גיט מיר אַ תלמיד חכם, וואָלט איך איהם געביסען ווי אַן אייזעל"; און ווען די תלמידים האָבען איהם אויפמערקזאַם געמאַכט: „רבי, מען זאָגט „ווי א הונט", האָט ער זיי געענטפערט: „אַן אייזעל בייסט און צעברעכט דעם ביין, אָבער א הונט בייסט און צעברעכט ניט דעם ביין".

ניט קוקענדיג דערויף אָבער האלט דאָך די אידישע עטיק, אַז מען דאַרף מיט דעם עם הארץ האָבען איינזעהן. נאָכמעהר, ווער עס העלפט אויסבילדען דאָס קינד פון אַן אומוויסענדען מענשען, איז אפילו ווען גאָט האָט גוזר געווען אַ גזרה, וועט ער זי צוליב איהם מבטל מאַכען.

# לעהרער און פיהרער

ווען די אראבער האבען באצייכענט די אידען מיט דעם טיטול „עם הספר", האבען זיי אין אט די צוויי ווערטער ארוים־געבראכט דעם כאראקטעריסטישסטען שטריך פון דעם אידישען פאלק. אבער ניט נאר זיינען מיר אידען „דאס פאלק פון בוך", נאר ביי קיין שום נאציע אין דער וועלט פארנעמט ניט דער אינטעלעקטואל, דער בוך־מענש, אזא וויכטיגען ארט, ממש דעם אויבען־אן, ווי אין דער אידישער עטיק.

ביי אנדערע פעלקער זיינען קעניגע, פאליטישע פיהרער, גע־נעראלען, די העלדען פון דער געשיכטע, די מאדעלען פאר קינ־דער אין די שולען. ביי אונז אידען, אבער, זיינען די לעהרער, די גייסטיגע פיהרער, דאס שיינדעל פון דעם פאלק. די אומ־שטערבליכע פערזענליכקייטען אין דער אידישער געשיכטע זיי־נען ניט די קריגס־העלדען, נאר די גייסטיגע פיהרער; ניט די גענעראלען, נאר די פרעדיגער פון מאראל און עטיק. איז דאך פון שטענדיג אן געווען ביי טאטע־מאמע דער גרעסטער וואונש, אז דאס קינד זאל „באגעהרען צו לערנען".

קיין שום פאלק אין דער וועלט האט ניט פארמאגט אזא גע־ניאלען פיהרער ווי משה, וועלכער האט באוויזען צו באפרייען א צוויי הונדערט און צעהן יאהר פארשקלאפט פאלק פון דעם יאך פון דעם מעכטיגסטען פאלק פון יענער צייט. אין דער אידי־שער געשיכטע, אבער, איז משה באקאנט ניט אלס משה דער פיהרער, דער באפרייער, דער גענעראל, נאר אלס משה ר ב י נ ו — משה אונזער לעהרער, משה וועלכער האט געגעבען די אידען א תורה, א לעהרע. משה, אהרן און מרים טראגען דעם טיטול „פרנס" — פיהרער — אבער באקאנט און פאפולער זיינען

זיי אלס משה רבינו, אהרן הכהן, מרים הנביאה,באצייכנונגען, וועלכע זיינען פארבונדען מיט גייסט, און ניט מיט פיהרערשאפט.

יהושע האט געפיהרט מלחמה מיט איין און דרייסיג קעניגע, און ער האט דאך טאקע ארייגעפיהרט די אידען קיין ארץ ישראל, און דאך דערצעהלט אונז די אידישע ליטעראטור, אז „פני משה כפני חמה, ופני יהושע כפני לבנה" — יהושע אין פארגלייך מיט משה רבינו איז ווי די לבנה אין פארגלייך מיט דער זון.

דבורה איז געווען א ריכטערין איבער די אידען. און אין יענער צייט איז דער דאזיגער אמט געווען ווי היינט א פרעזידענט פון א לאנד. זי האט געפיהרט מלחמות און געזיגט, אבער אומשטערבליך אין דער אידישער געשיכטע איז די דאזיגע „אם בישראל", ניט אלס פיהרערין, נאר אלס „דבורה הנביאה" — א טיטול, וואס איז פארבונדען מיט גייסט.

וואס פאר א ראלע שפילען די אידישע קעניגע אין אונזער געשיכטע אין פארגלייך מיט די נביאים! און אויב דוד המלך איז ביי אונז אידען איינער פון די גרעסטע היסטארישע פערזענליכקייטען, איז דאס ניט צוליב די זיגרייכע מלחמות, וועלכע ער האט געפיהרט, נאר צוליב זיין „תהלים'ל" וואס אידען איבער דער גארער וועלט ווייקען דורך טאג-טעגליך מיט זייערע טרעהרען זייט טויזענטער יאהרען. ניט דוד דער פעלדמארשאל, נאר דוד דער „נעים זמירות ישראל" איז פאראייביגט אין דער אידישער געשיכטע און אין דעם הארץ פון יעדען אידען. ניט שלמה דער בויער פון פלאטען און פאלאצען, נאר שלמה דער „חכם בן חכם", שלמה דער אינטעלעקטואל, דער בויער פון דעם בית המקדש, דער פארפאסער פון דער שעהנסטער ליבעס פאעמע שיר השירים, דער מחבר פון משלי, דער פילאזאף קהלת, איז אומשטערבליך אין דער אידישער געשיכטע. מען דארף ניט קיין גרעסערען ציוניסטישען פיהרער ווי עזרא איז געווען. האט ער דאך טאקע בפועל ממש אריינגעפירט די אידען אין ארץ ישראל.

אָבער אומשטערבליך איז ער געבליבען ניט אַלס ציוניסטישער פיהרער, נאָר אַלס עזרא הסופר, עזרא וועלכער האָט געלערענט די אידען די תורה.

און אזוי דורך אַלע דורות: דער גענעראַל בר כוכבא איז געווים געווען א העלדישער קעמפער, אָבער אומשטערבליך זיינען געבליבען די לעהרעס פון זיין פעטער ר׳ אלעזר המודעי, וועמען ער האָט געטויט. ניט דער רבי עקיבא, וועלכער האָט געשטיצט בר כוכבא׳ס אויפשטאנד, נאָר רבי עקיבא דער תנא, דער לעהרער פון די פיער און צוואנציג טויזענט תלמידים איז אומשטערבליך ביי אידען. ניט די אַזוי גערופענע פיהרער, נאָר די גייסטיגע לעהרער, די תנאים, די אמוראים, די גאונים, רש״י, רמב״ם, ר׳ יהודה הלוי, דער ווילנער גאון, און דאָס גילט אויך לגבי אונזערע לעהרער און אינטעלעקטואַלען ביז היינט צו טאָג. זיי זיינען די אומשטערבליכע פערזענליכקייטען אין דער אידישער געשיכטע. פיהרער קומען און פיהרער געהען, אָבער די גייסטיגע לעהרער בלייבען די אייביגע זיילען פון דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, ווייל דער פונדאַמענט פון אידענטום איז וויסען, אינטעלעקט — און פיהרער זיינען מעהרסטענס, ליידער, זעהר וויט דערפון.

ראַט אונז טאַקע די אידישע לעהרע צו לערנען, זיך כסדר צו בילדען, איידער שטרעבען צו פיהרערשאַפט. די מיינונג, וואָס די אידישע עטיק האָט וועגען פיהרער, מיט באַצוג אויף אינטעלעקט און בילדונג, איז זיכער ניט קיין בעניידענדע. אלס מיטעל געגען א שטראָף פאר א געוויסע עבירה ראטען די חכמים צו לערנען דאָפּעלט. אָבער „אם אינו למוד לקרות ולשנות מה יעשה ויחיה? ילך ויעשה פרנס על הצבור״ — אויב אָבער דער באַטרעפענדער איז שטומפּיג אין די „קליינע אותיות״, איז וואָס זשע זאָל ער טאָהן? און די חכמים ז״ל ענטפערען: זאָל ער געהן און ווערען א פיהרער ביי אידען. בעת דער מדרש מיינט דערמיט צו זאָגען אַז א פיהרער ביי אידען האָט גענוג אויסצושטעהן, באַ-

ווייזט עס, אָבער, אויך גלייכצייטיג אז פיהרער זיינען, ליידער, אומוויסענדע מענשען.

דאַגעגען אָבער, די באַציהונג צום געלעהרטען, צום אינטע־לעקטואַל, איז אַ העכסט רעספּעקטאַבעלע, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען. אינטעלעקט איז דער אָטעם פון אידישער עקזיס־טענץ. דערפאר, טאַקע, פאָדערט די אידישע עטיק פון דעם אינטעלעקטואַל, אז ער מוז זיין אזוי פּערפעקט אין אַלע הינזיכ־טען, אויסערליך און אינערליך, אין זיין פּערזענליכען אַלטעג־ליכען לעבען און אין זיין באַציהונג צו מענשען, ווי עס איז נאָר מענשליך מעגליך. פריהער פאַר אַלץ מוז ער זיין אַן עהרליכער, אויפריכטיגער מענש. „תלמיד חכם שאין תוכו כברו, אינו תלמיד חכם" — אַן אינטעלעקטואַל, וועלכער טראַכט אין הארצען איין זאַך און מיט דעם מויל רעדט ער אַן אַנדער זאַך, שליסט זיך אויס פון דער קאַטעגאָריע אינטעלעקט. זיין אַרט רעדען, אפילו זיין באַגריסען עמיצען, מוז זיין אזוי אײדעל, אַזוי ראַפינירט און אנשטענדיג, אַז דערפון אַליין זאָל מען באַלד דערקענען, אז ער איז אַן אינטעלעקטועלער מענש.

דער אינטעלעקטואַל מוז טאַקע זיין אַ מענש מיט וויסען. ווייל א „תלמיד חכם אָהן וויסען, איז אַ נבלה בעסער פון איהם". און ער מוז זיין אַן עכטער, ניט קיין געמאַכטער תלמיד חכם. וואַ־רום דער, וועלכער פּאָזירט אַלס אינטעלעקטואַל און אין דער ווירקליכקייט איז ער עס ניט, אַזאַ איינעם לאָזט מען ניט צו אין כביכול׳ס געגענוואַרט. אַזוי הויך שטעהט דער אינטעלעקטואַל אין דער אידישער עטיק, אַז א תלמיד חכם, אפילו ווען ער איז געקומען אויף דער וועלט אויף אַ ניט לעגאַלען אופן, שטעהט ער העכער פון א כהן גדול אַן עם הארץ. אַלזאָ, ניט דער פּערזענלי־כער יחוס און ניט אַ הויכער אַמט זיינען מאַסגעבענד און איבער־וויגענד, נאָר אינטעלעקט, וויסען, בילדונג איז דער קריטעריאָן, דער מאַסשטאַב, מיט וועלכען די אידישע לעהרע און עטיק מעסט דעם איינצעלנעם מענשען און דאָס גאַנצע פאָלק.

ווערט טאקע בילדונג פארגליכען אין דער אידישער לעהרע צו זוימען, וועלכע מען פארזייט. אזוי שנעל ווי זיי הויבען אן צו שפראָצען, וואקסען זיי אלץ העכער און גרעסער; אזוי אויך דער אינטעלעקטואל, וואָס מעהר בילדונג ער ערווערבט זיך, אלץ העכער און אנגעזעהענער ווערט ער.

אום צו קענען אויסאיבען דעם נויטיגען איינפלוס אויף דער מענשהייט, פאָדערט די אידישע עטיק פון דעם אינטעלעקטואל צו זיין שטענדיג פאָרזיכטיג אין זיין באַנעהמונג מיט מענשען אין אלגעמיין, און מיט דעם אומוויסענדען, מיט דעם אומגעבילדעטען קלאַס מענשען ספעציעל. עס ליגט אין דער נאַטור פון מענשען בכלל און פון אומוויסענדע בפרט, צו רעספעקטירען אן אנגעזעהענע פערזאָן אזוי לאנג ווי עס עקזיסטירט צווישען זיי א געוויסע דיסטאַנץ. אזוי שנעל, אָבער, ווי דער אינטעלעקטואל באהאַנדעלט דעם עם הארץ ווי א קאָלעגע, פארשווינדט באלד דער רעספעקט. עס איז פאראַן אן עפּיזאָד, וועלכער דינט אלס גלענצענדע אילוסטראַציע. א איד אן עם הארץ האָט „גענומען אן אורח אויף שבת" — א אידען מיט א פאַטריאַרכאַלישען פנים, אן „הדרת פנים", און דער בעל הבית איז געזעסען מיט דעם געהעריגען רעספעקט. ווי נאָר, אָבער, דער אורח האָט זיך אנגעהויבען אויפפיהרען מעשה היימישער מענש, און אגב אַנטפלעקט, אז ער איז אליהו הנביא, האָט דער בעל הבית איהם א קלאַפ געטאָהן אין פלייצע און א זאָג געטאָהן: „טאָ וואָס זשע מאכסטו, אליהו'נקע ברודער". די אידישע עטיק ברענגט עס ארויס זעהר קלאָהר, ווען זי באהויפּטעט, אז אזוי לאנג ווי דעם אינטעלעקטואל'ס באַנעהמונג צום אומוויסענדען מענשען איז א ווירדיגע, איז ער געגליכען צו א גאָלדענע כלי. פארפיהרט ער מיט איהם שמועסען, ער ווערט מיט איהם „גוט-ברודער", איז ער געגליכען צו א זילבערנע כלי. האָט ער פון איהם מאטעריעלע נוצען, איז ער געגליכען צו אן ערדישע כלי, אז זי ווערט צעבראָכען, איז שוין פארפאלען.

ווי קערענדיג־געזונט עס איז דער חוש, וואָס די אידישע עטיק האָט שטענדיג געהאט פאַר דעם אינטעלעקטואַל, זעהט מען באַשיינפערליך אין אונזער אייגענער צייט. די וועלט איז איבער־צייגט, אַז אַ דויערהאפטער וועלט־שלום וועט זיין מעגליך נאָר דאַן, ווען מען וועט איבערדערציהען, אויפסניי אויסבילדען דאָס דייטשע פאָלק. בילדונג, אלזאָ, זאָל זיין דער פונדאַמענט פאַר אַ צוקונפטיגער פרידליכער וועלט. איז דאָס ניט קיין מאָדערנע אנשויאונג, נאָר זי איז שוין אַזוי אלט ווי די אידישע עטיק. די אידישע עטיק האָט עס שוין מיט טויזענטער יאָהרען צוריק פאָר־מולירט אין איין קורץ־געפאַסטען זאַץ: „תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם״ — אינטעלעקטואַלען, די גייסטיגע ערציהער, זיי־נען די בויער פון דויערהאפטען וועלט־פרידען.

אַזוי ווי דער אינטעלעקטואַל דאַרף אויך דינען אלס מאָדעל פאַר די מאַסען, איז די אידישע עטיק שטאַרק מקפיד אויף זיין אַלטעגליכער אויפפיהרונג. פאַראַן זאַכען, וואָס די אידישע עטיק פאַרוועהרט איהם צו טאָהן, ווייל עס וועט פאַרקלענערען זיין ווירדע אין די אויגען פון דעם פאָלק. זיינע קליידער מוזען זיין זויבער, אָהן אַ פלעק. ער טאָר ניט טראָגען קיין געלאַטעטע שיך. אפילו זיינע טריט מוזען זיין געלאַסען. ער טאָר ניט לויפען און זיך יאָגען ווי אַ ווינט אין פעלד. זיין יעדעס וואָרט מוז זיין גע־צעהלט און צו דער זאַך. יעדע האַנדלונג, יעדע באַנעהמונג מוז זיין איידעל, ראַפינירט און מיט ווירדיגען טאַקט.

פאַרשטעהט זיך, אַז סיי די געזעלשאַפט, סיי יעדער אינדי־ווידועלער מענש באַזונדער דאַרף איהם רעספּעקטירען אויף דעם העכסטען אופן. די אידישע עטיק מאַכט די קאַרדינאַלע באַהויפּ־טונג, אַז כביכול אַליין פאָדערט, אַז מען זאָל עהרען דעם תלמיד חכם. אויך פאַר דעם נאַציאָנאַלען וואוילזיין איז עס זעהר וויכ־טיג, אַז מען זאָל רעספּעקטירען דעם געלעהרטען. די אידישע עטיק געהט אַזוי ווייט, און באַהויפּטעט, אַז ירושלים איז פאַר־ניכטעט געוואָרען בלויז דערפאַר, ווייל מען האָט דאָרט ניט רעס־

פעקטירט די גייסטיגע לעהרער. אויך אינטעלעקטואלען מוזען זיך געגענזייטיג רעספּעקטירען. דערצעהלט אונז דאָך די גמרא, אַז רבי עקיבא׳ס פיער און צוואַנציג טויזענט תלמידים זיינען אומ־געקומען אין דער מגפה נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבען ניט רעס־פעקטירט איינער דעם צווייטען.

עס איז, פאַרשטעהט זיך, פון קאָלאָסאַלער וויכטיגקייט צו העלפען מאַטעריעל דעם אינטעלעקטואל, וועלכער נויטיגט זיך אין דעם. ווער עס העלפט אַ תלמיד חכם פאַרדינען אויף זיינע נויטיגע באַדערפעניסען, „זוכה ויושב בישיבה של מעלה" — ווער זוכה זיין צו זיצען אין געגענווארט פון דער שכינה. אָבער נאָך וויכטיגער איז ליב צו האָבען דעם אינטעלעקטואל. און „ווער עס האָט ליב דעם תלמיד חכם, דער וועט האָבען אינטעלעקטועלע קינדער; ווער עס האַלט איהם עהרליך, וועט האָבען איידעמס תלמידי חכמים, און ווער עס האָט מורא פאַר א תלמיד חכם איז שוין דערמיט אַליין אַ תלמיד חכם".

# אַרבייט, אַרבייטער און אַרבייטסגעבער

צווישען די פאַלשע באַשולדיגונגען, וועלכע אונזערע שונאים האַלטען אין איין שליידערען אויף אונז, הערט מען אויך די פאַלשע באַהויפּטונג, אַז מיר אידען באַטראַכטען אַרבייט און האַנדווערקעריי פאַר אַ פּחיתת כבוד, אַז אידען זיינען עקספּלוּ־אַטאַטאָרס און זויגען אויס דעם לעצטען טראָפּען בלוט פון דעם אָרימען אַרבייטער. איז טאַקע כדאי אַ קוק צו טאָהן וואָס די אידישע לעהרע האָט צו זאָגען וועגען אַרבייט, און וואָס איז איהר באַציהונג צום אַרבייטער.

אַרבייט איז ביי אידען אין פאַרלויף פון אַלע דורות הויך געשעצט געוואָרען. פונקט אַזוי שטאַרק ווי אידען האָבען גע־האַסט שקלאַפעריי, און דאָס אפשר אויך דערפאַר, ווייל זיי האָבען אַליין פאַרזוכט, אין מצרים, דעם טעם פון שקלאַפעריי, האָבען זיי מיט עהנליכער אינטענסיוויטעט ליב געהאַט, געשעצט און דערמוטיגט אַרבייט און האַנדווערקעריי. פאַרשטעהט זיך, אַז אַרבייט אין יענע צייטען איז ניט געוועזען דאָס זעלבע ווי היינט. עס איז נאָך ניט געוועזען דאַן אפילו קיין סימן פון אָט דער איצ־טיגער אינדוסטריע מיט איהרע אומצעהליגע צווייגען. אונטער אַרבייט האָט מען דעמאָלט פאַרשטאַנען אַגריקולטור, פיה־צוכט און האַנדווערקעריי.

זעהען מיר, אַז שוין אדם הראשון אַליין, דער סאַמע ערשטער מענש, איז אַריינגעפירט געוואָרן אין גן עדן אַריין צו בעאַרביי־טען (לעבדה) די ערד. אויף ווי וויט דער תנ"ך דערמוטיגט אַרבייט קען מען אַמבעסטען זעהן פון די פילע שטעלעס וואָס ער ברענגט וועגען דעם. מיר וועלען זיך באַנוגען און ברענ־גען אַלס ביישפיל בלויז עטליכע ציטאַטען: „עובד אדמתו ישבע

לחם" — ווער עס בעאַרבייט זיין פעלד, דער עסט ברויט צו זאַט; אָדער „יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך" — אַז דו וועסט עסען די פּראַצע פון דיינע הענד, וועט דיר זיין וואויל און גוט.

איז אויב דער תנ"ך באַטראַכט ארבייט פאַר א ברכה און דערמוטיגט דעם מענשען צו אַרבייטען, געהט דער תלמוד נאָך ווייטער און פאַרגעטערט ממש ארבייט. דער תלמוד זאָגט בפירוש: „גדול הנהנה מיגיעו כפו יותר מירא שמים" — דער וואָס געניסט פון זיין אייגענער פּראַצע, איז גרעסער פון אַ גאָט־פאַרכטיגען מענשען. און פונקט ווי די חכמים ז"ל דערמוטיגען און פאַרהערליכען אַרבייט, אזוי דערמוטיגען זיי אויך דעם מענ־שען צו לערנען אַ פאַך, אַ פּראָפעסיע. אַזוי שטאַרק זיינען זיי פאַר לערנען אַ פאַך, אַז זיי האָבען אפילו אָפען דערקלעהרט: „ווער עס לערענט ניט זיין זוהן אַ פאַך, איז פונקט ווי ער וואָלט אים לערנען רויבעריי". און די תנאים און אמוראים, וועלכע האָ־בען געראַטען צו לערנען פּראָפעסיעס, געהערען ניט צו יעניגע וועלכע „פּרעדיגען אָבער פּראַקטיצירען עס ניט אליין". ניין, זיי האָבען עס געמיינט מיט אַן אמת, און האָבען טאַקע אַליין פּראַק־טיצירט דאָס וואָס זיי האָבען געפּרעדיגט. פילע תנאים און אמוראים זיינען געווען בעלי מלאכות, ווייל פון רבנות האָט מען ניט געטאָרט ציהען קיין פרנסה. עס זיינען געווען צווישען זיי שטיינער־העקער, האָלץ־העקער, שמידען, בעקער, שניידער, שוסטער, פּאָסטוכער, טויכער און אַנדערע.

די עטישע באַציהונג פון דעם אידישען געזעץ צום אַרביי־טער און זיין רעכט איז אַ העכסט הומאַנע. אָפט מאָל איבער־טרעפט עס אפילו דעם וואונש פון א גוטען ליבעראַל פון אונזער איצטיגען יאָהרהונדערט. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס דאָס אי־דישע פאָלק איז שוין פון די פריהסטע צייטען אַן געשטימט דע־מאָקראַטיש. די דאָזיגע מיינונג איז שוין לאַנג אָנגענומען אפילו ביי קריסטליכע פאָרשער און וויסענשאַפטלער. ניט קיין קלע־נערע געלעהרטע ווי בענציגער, קענט, ביילי און אַנדערע האַלטען

טאקע, אז אין דעם פאל פארדינען די אידען די העכסטע אנער־קענונג, און זיי זאגען: „זייערע (די אידישע) אידייען מיט באצוג צו די פונדאמענטאלע רעכט פון דעם מענשען און זיינע אבליגא־ציעס צום צווייטען, האבען זיי אויסגעדריקט אין באשטימטע געזעצען. אלע שפעטערע דעמאקראטישע לעגיסלאציעס זיינען ניט מעהר ווי אן אנטוויקלונג פון אלץ וואס די אידען האבען פעסטגעשטעלט אין פרינציפ.

זעהען מיר טאקע ווי די אידישע לעהרע האט אנגענומען גאנץ באשטימטע און קאנקרעטע מאסרעגלען און קארדינאלע געזעצען צו באשיצען דעם ארבייטער׳ס רעכט.

אט צום ביישפיל, וואָרענט די תורה אין קלארע ווערטער דעם ארבייט־געבער, אז ער מוז באצאלען דעם ארבייטער זיין לוין אין דעם זעלבען טאג, און ניט אפלייגען אויף מארגען. נאכמעהר, די תורה איז אפילו אזוי טאלעראנט, אז זי מאכט ניט קיין אונ־טערשייד צווישען אידישע ארבייטער און פרעמדע אין ארץ ישראל. עס איז זעהר אינטערעסאנט צו באמערקען, אז דער דא־זיגער העכסטע הומאניטארער תורה־עטישער פרינציפ ווערט פון דער תלמודישער עטיק נאך ווייטער אנטוויקעלט. די געזעץ־גע־בער פון תלמוד זיינען נאך שטרענגער מיט דעם ארבייטס גע־בער און זאגען, אז יענער, וועלכער באצאלט ניט דעם זעלבען טאג, איז עובר אויף פינף פארבאטען, און דער וועלכער פארהאלט דעם לוין פון א געדונגענעם ארבייטער איז גלייך ווי ער נעמט ביי איהם צו די נשמה.

וויל מען פארשטעהן דעם היסטארישען באזיס פאר די אי־דיש־עטישע ארבייטער־געזעצען, מוז מען פארשטעהן דעם סא־ציאלען צושטאנד פון יענע צייטען, און די סאציאלע און מארא־לישע באגריפען און אנשויאונגען פון יענע געזעץ־געבער. עס זיינען געווען שטאאטען וועלכע זיינען געווען באגרינדעט אויף פריוואט אייגענטום און עקספלואטאציע פון ארבייט, און עס איז

געווען אין דעם אינטערעס פון אזא אָרדנונג וואָס מעהר ארויסצו־פּרעסען פון דעם ארבייטער און וואָס מעהר איהם צו אונטער־דריקען. דאָ אָבער קומט דער קאַרדינאַלער תורה־זאַץ: „כי לי בני ישראל עבדים" — גאָט זאָגט, די אידען זיינען בלויז מיינע קנעכט, און די תלמודישע עטיק דערגענצט „און ניט קנעכט ביי קנעכט". האָבען די נביאים, די פּרעדיגער פון סאָציאַלער עטיק און גערעכטיגקייט, אויפגעהויבען זייער שטימע און גע־קעמפט געגען דעם רויב און סאָציאַלען אומרעכט, וואָס מענשען באַגעהען געגען מענשען. די פּראָפעטישע עפּאָכע האָט זיך גע־ענדיגט, אָבער זייער סאָציאַלער אידעאַל איז געבליבען, און די אידישע עטיק האָט איהם אין וואָרט און טאַט ווייטער געוועבט און פאָרטגעזעצט.

עס איז זיכער ניט אויסערהאַלב דעם פּלאַץ צו באַמערקען, אַז דאָס וואָס די תנאים און אמוראים, די תלמודישע געזעץ־גע־בער און לעהרער און פאָרמולירער פון דער אידישער עטיק, האָ־בען אַזוי העפטיג זיך אָנגענומען די קריוודע פון דעם אַרבייטער און זיין רעכט, נעמט זיך געוויסערמאָס דערפון וואָס, ווי שוין אוי־בען באַמערקט, אַ גרויסער טייל פון זיי אַליין זיינען געווען האַנד־ווערקער און ארבייטער. אין לעבען איז דאָך שליסליך כמעט אַלץ סוביעקטיוו. זייענדיג אליין בעלי מלאכות, האָבען זיי גוט געפילט וואָס עס הייסט ארבייטען, האָבען זיי, פאַרשטעהט זיך, גוט געקענט מיטפילען דעם אַרבייטער. מען מוז אָבער צוגעבען, אַז אויך די רייכע צווישען די געזעץ־געבער האָבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דעם אַרבייטער, און די תלמודישע ליטעראַטור איז רייך מיט באַווייזען דערפאַר. מיר זעהען טאַקע, אַז אין אומ־צאָליגע פאַלען אין תלמוד שטעלט זיך דאָס געזעץ אויף דער זייט פון דעם ארבייטער. אפילו אין א פאַל אין וועלכען מען וואָלט געקענט, דורך אַ יורידישען דריידעל, געבען רעכט דעם ארבייטס־געבער, שטעלט זיך אויך דאָס געזעץ אויף דעם אר־בייטער'ס זייט.

עס וואָלט, פערשטעהט זיך, געווען א טעות צו גלויבען, אז די אידישע עטיק האָט אין זינען בלויז דעם אַרבייטער'ס אינטע־רעסען און איגנאָרירט פולשטענדיג דעם אַרבייטס־געבער. דאָס וואָלט דאָך פריוויליגירט דעם אַרבייטער קלאס און דעקלאסירט די אַרבייטס־געבער. אזא שטעלונג וואָלט דאָך, ווידער, געווען דורכאויס אומדעמאָקראַטיש, און די אידישע עטיק איז דאָך דורכאויס א העכסט דעמאָקראַטישע און סאָציאַל מאָראַלישע. אָבער עס איז קלאָר, אז דאָס געזעץ האָט זעהר אָפט פריוויליגירט דעם אַרבייטער, און מערסטענס געהאַלטען מיט איהם. ווען עס אנטשטעהט, למשל, א סכסוך צווישען אַרבייט־געבער און אַר־בייט־נעמער, קריגט דער אַרבייטער דעם פאָרצוג. אין א פאַל, וואו עס איז פאַרוויקעלט א צווייפעל, איז אויך דער אַרבייטער גיכער באַגלויבט. אזוי, צום ביישפיל, ווען דער אַרבייטער פאָ־דערט זיין לוין און דער אַרבייטס־געבער טענה'ט, אז ער האָט איהם שוין באַצאָלט, שווערט דער אַרבייטער און דער אַרבייטס־געבער מוז איהם באַצאָלען. דאָס ווייזט קלאָר, אז די אידישע עטיק געטרויט דעם אַרבייטער, אז ער וועט ניט שווערען פאַלש, ווייל דער אַרבייטס־געבער, זייענדיג מעהר פאַרנומען, קען גיכער פאַרגעסען. אזא סאָרט איינאָרדנונג באַשיצט גלייכ־צייטיג אויך די אינטערעסען פון דעם אַרבייטס־געבער. ווארום, אַזוי שנעל ווי עס וואָלט זיך פאַרשפּרייט א קלאַנג, אז דער און דער אַרבייטס־געבער שווערט און צאָלט ניט, וואָלטען אַרביי־טער ניט געוואָלט ביי איהם אַרבייטען.

העכסט עטיש איז דאָס געזעץ מיט באַצוג אויף אַרבייטען איבער שעה'ן („אָווערטיים”). אויך אין דעם פּרט שטיצט דאָס געזעץ דעם אַרבייטער. אזוי, צום ביישפּיל, ווען איינער דינגט אַרבייטער און באַצאָלט זיי מעהר ווי געוויינליך, נאָר ער פאָדערט פון זיי צו קומען פריהער צו דער אַרבייט און אוועקגעהן שפּע־טער, האָט ער ניט קיין רעכט זיי צו צווינגען, אויב דער מנהג אין יענעם אָרט איז ניט צו קומען פריהער און אוועקצוגעהן שפּעטער.

נאָכמעהר, אויב דער אַרבייטער האָט נאָר אָנגעהויבען צו אַר־בייטען ווערט עס שוין באַטראַכט ווי אַ קאָנטראַקט, און דער בעל הבית מוז איהם באַצאָלען. אויב אַן ארבייטס־געבער שיקט אַן אַרבייטער ערגיץ אַרביטען און מען קען ניט, ווייל דאָס פעלד איז נאַס, אָדער עס איז דאָ אַן אַנדער אָפּהאַלט, מוז מען איהם סיי ווי באַצאָלען, ווייל ער האָט ביי איהם צוגענומען די מעגליכ־קייט אָנצונעמען אַן אַנדער אַרבייט.

דעם ארבייטער׳ס לוין איז ממש הייליג אין די אויגען פון דער אידישער עטיק. האָבען טאַקע די תלמודישע געזעץ־געבער עס באַוואָרענט מיט פאַרשיידענע געזעצען. אַזוי צום ביישפּיל, ווען איינער לייהט דעם צווייטען געלט, טאָר דער, וועלכער האָט אָוועקגעליהען, ניט געהן אין דעם הויז פון זיין בעל חוב נעמען אַ משכון. דאַגעגען, אָבער, אַ לוין־אַרבייטער מעג אַליין געהן אין דעם הויז פון זיין אַרבייטס־געבער און זיך נעמען אַ משכון כדי צו זיין זיכער מיט זיין לוין.

נישט נאָר שטיצט די אידישע עטיק די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער דורכדעם וואָס זי האָט אויפגעבויט אַ געזעץ־געבונג, וואָס באַשיצט דעם ארבייטער געגען אומאַנשטענדיגע קאַפּיטאַ־ליסטען, נאָר די חכמי התלמוד האָבען אויסדריקליך געוואָלט, אַז דער אַרבייטער זאָל אויך זיין פרייהייט־באַוואוסטזיניג. שקלאַפע־ריי איז געווען אין דער מאָדע. כדי צו פאַרמיידען, אַז אַ אידי־שער אַרבייטער זאָל ניט באַטראַכט ווערען אלס קנעכט, דורכדעם וואָס ער וועט זיך פאַרדינגען צו אַ בעל הבית אויף אַ לאַנגע צייט, האָבען די תלמודישע געזעץ־געבער פאַרבאָטען אַן אַר־בייטער זיך צו פאַרדינגען מעהר ווי אויף דריי יאָהר. די אידישע עטיק וויל דורכאויס, אַז דער ארבייטער זאָל זיין פונקט אַזוי פריי ווי די פיהרער און הערשער פון פאָלק.

אַזוי אומאָפּהענגיג האָבען די אידישע געזעצען געמאַכט דעם אַרבייטער, אַז עס עקזיסטירט אַ געזעץ, אַז אַן אַרבייטער מעג חרטה האָבען אפילו אין מיטען העלען טאָג, און אונטער געוויסע

אומשטענדען מוז איהם נאָך דער בעל הבית באַצאָלען. אויף ווי ווייט עטיק איז געווען א דאָמינירענדער פאַקטאָר אין דער פאַר־מולירונג פון די ארבייטער געזעצען קען מען אַמבעסטען זעהן דערפון וואָס רב, וועלכער איז אַליין געווען אַ גביר, רעכענט צווישען די פיער זאַכען פאַר וועלכע דאָס פאַרמעגען פון די בעלי בתים וועט ווערען צו גאָרניט, „דאָס וואָס זיי פאַרהאַלטען דעם אַרבייטער׳ס לוין, דאָס וואָס זיי ראַבעווען אַוועק זייער לוין״.

די תנך׳ישע און די תלמודישע געזעצען, וועלכע זיינען אין דעם אינטערעס פון דעם אַרבייטער זיינען היבש אין צאָהל. אָבער די עטליכע אויבענדערמאָנטע ציטאַטען באַווייזען קלאָר און דייטליך דעם קאָלאָסאַלען איינפלוס וואָס עטיק האָט געהאַט אין דער פאָרמולירונג פון די ארבייטער־געזעצען. די אידישע גע־זעץ־געבער האָבען שטאַרק פאַרהערליכט ארבייט און העכסט רעספּעקטירט דעם ארבייטער, האָבען זיי דורך א רייהע עטיש־מאָראַלישע געזעצען שטאַרק באשיצט דעם ארבייטער און זיינע אינטערעסען און די הומאנע און מאָראלישע יסודות און גרונד־פּרינציפּען אויף וועלכע דאָס אידענטום און אידישקייט זיינען באַזירט.

# דער סטאַטוס פון דער פרוי

צווישען פרויען, באַזונדערס „אינטעליגענטע", הערשט אַן אַל־געמיינע מיינונג, אַז דאָס אידענטום האָט אַביסעל געקריוו־דעט די פרוי. זיי האַלטען, אַז די אידישע לעהרע באַטראַכט די פרוי אַלס מינדערוועריגער פון דעם מאַן. זיי באַטראַכטען עס אַלס אַ קאָנסעקווענץ פון דעם וואָס די מענער האָבען געשאַפען דאָס אידענטום, ווייל „ווער עס האַלט די פען, דער שרייבט זיך אַן אַ גוט יאָהר". זיי אילוסטרירען זייער מיינונג מיט אַ געלונ־גענעם אַנעקדאָט: אַ מאַן און אַ לייב זיינען געגאַנגען אין אַ מוזעאום. זעהענדיג אַ בילד, וואָס ווייזט ווי אַ מאַן בינדט אַ לייב, זאָגט דער מאַן צום לייב: „אַך, וואָס פאַר אַ שטאַרקער מאַן דאָס האָט געמוזט זיין, עפּעס אַ קליינינקייט בינדען אַ לייב!" ענטפערט איהם דער לייב: „דאָס בילד האָט געמאָלען אַ מאַן, ווען אַ לייב וואָלט עס געמאָלען, וואָלט עס געוויזען ווי אַ לייב בינדט אַ מאַן". אַלזאָ, ווען די פרויען וואָלטען געווען די שאַפער פון אידענטום, וואָלטען זיי געווען דאָס אויבערשטע פון שטויסעל.

דער געשיכטליכער פאַקט, אָבער, איז, אַז שוין אין די גאַר אַלטע צייטען האָט די אידישע פרוי גענאָסען מעהר רעכט און פריווילעגיעס פון די פרויען פון אַנדערע פעלקער אין יענע טעג. אין דער צייט ווען די אַנדערע פעלקער האָבען געהאַלטען, אַז דאָס שעהנע געשלעכט איז באַשאַפען געוואָרען בלויז צו געבוי־רען קינדער, אַרבייטען און אונטערטעניג פאָלגען דעם מאַן, האָ־בען אידען באַהאַנדעלט די פרוי מיט דעם גרעסטען רעספּעקט.

ביי די פעלקער פון אַלטערטום איז די פרוי באַטראַכט גע־וואָרען אַלס דעם מאַנ'ס אייגענטום. זי איז ניט באַהאַנדעלט געוואָרען פיל בעסער פון דעם שקלאַף. זי האָט אפילו ניט גע־

טאָרט עסען צוזאַמען מיט דעם מאַן. האָט דער מאַן אַנגעריהרט א זאַך, האָט זי זיך שוין דערמיט ניט געטאָרט באַנוצען. נאָכ־מעהר, זי האָט אפילו ניט געטאָרט זיצען אויף דעם מאַנ׳ס שטוהל. די אידישע פרוי, דאַגעגען, איז שטענדיג געווען די „עקרת הבית” — די פיהרערין פון הויז, די בעל הבית׳טע. דער אמת איז, אַז שוין אין די גאָר אַלטע צייטען האָט די אידישע פרוי, אין געוויסע אנגעלעגענהייטען, גענאָסען מעהר פרייהייט און מעהר רעכט אפילו פון דער היינטיגער פרוי אין די פאראייניגטע שטאַאַטען.

אונזער רעליגיעזע, עטישע און סאָציאַלע לעהרע שטעלט די אידישע פרוי אויף אַ גאָר הויכען פעדעסטאַל. אין דעם צוואַנ־ציגסטען יאָהרהונדערט מוזען נאָך פרויען אפילו אין די דעמאָק־ראַטישע לענדער קעמפפען פאַר גלייכבאַרעכטיגונג, אָבער אין דער אידישער עטיק איז די פרוי גלייך מיט דעם מאַן שוין פון דער וועלט־שאַפונג אָן. די ביבלישע באַהויפטונג „מאַן און פרוי האָט ער זיי באַשאַפען”, צייגט שוין, אַז דער תנ״ך באַ־טראַכט ביידע געשלעכטער גלייך.

אין דער צייט ווען די פעלקער פון אַלטערטום האָבען באַ־טראַכט די פרוי, אונטער די בעסטע אומשטענדען, ווי אַ שפּיל־צייג, האָט די אידישע פרוי פאַרנומען אַ הויכע פּאָזיציע אין דעם סאָציאַלען לעבען. דאָס זעהט מען קלאָהר פון די פיל ביבלישע און תלמוד׳ישע רעגולאַציעס אין דער הינזיכט. נאָך זעקס דורות פאַר מתן תורה האָט גאָט געזאָגט צו אברהם׳ן: „אַלץ וואָס שרה וועט דיר זאָגען, זאָלסטו פאָלגען”. וועלכע עטיק אין דער וועלט קאָן אָנווייזען אויף אַזאַ פאָרטגעשריטענע פריווילעגיע פאַר דער פרוי! דאָס איז דאָך ניט בלויז גלייכבאַרעכטיגונג, נאָר עס מיינט דאָך שטעלען די פרוי העכער פון דעם מאַן. אַז דאָס איז ניט קיין איזאָלירטער פאַל אין דער אידישער לעהרע קען מען זעהן דערפון, וואָס די אידישע עטיק האָט אָוועקגעשטעלט דעם פּרינ־ציפּ: „אויב דיין פרוי איז קליין, בויג זיך אַרונטער און האַלט

זיך מיט איהר אַן עצה". און כאָטש די מענער זיינען די שאַפער פון אידענטום, זיינען זיי אָבער געצוג איידעל, טאָלעראַנט און ספּאָרטיש צו באַהויפטען, אַז שרה איז געשטאַנען העכער אין נביאות פון אברהם אבינו.

דאָס פינפטע פון די צעהן געבאָט לויטעט: „דו זאָלסט עהרלעך האַלטען דיין טאַטען און דיין מאַמען" —ביידע גלייך. און אויב אין דעם צוזאַמענהאַנג ווערט דער טאַטע דערמאָנט פריהער פאַר דער מאַמען, איז דאָרט וואו די אידישע לעהרע רעדט פון „מורא" האָבען פאַר די עלטערען, ווערט די מוטער דערמאָנט פאַר דעם טאַטען. די אידישע עטיק ערקלערט עס אויף אַ גלענצענדען אופן: אַ קינד האָט ליב (רעספּעקטירט) די מוטער מעהר פון דעם פאָטער, דערפאַר ווערט דער פאָטער דערמאָנט פריהער; דאַגעגען מורא האָט דאָס קינד מעהר פאַר דעם פאָטער, דערפאַר ווערט אין דער הינזיכט די מוטער דער־מאָנט פריהער. דאָס הייסט: האַלט עהרליך דעם טאַטען ווי די מאַמען, און האָב מורא פאַר דער מוטער ווי פאַר דעם פאָטער.

מיט וועלכער נאָבעלקייט די אידישע עטיק באַציהט זיך צו דער אידישער פרוי, קען מען זעהן דערפון וואָס אפילו תנ"ך־ספרים טראָגען די נעמען פון העלדינס און ניט פון העלדען. אַזוי, צום ביישפיל, דער אידילישער ראָמאַנס, וואָס שילדערט אַזוי רי־רענד די טרייהייט פון רות צו איהר שוויגער נעמי, טראָגט דעם נאָמען „רות" און ניט „בועז", און מען לייענט עס נאָך יעדען שבועות אין שוהל. אַן אַנדער ביבלישער בוך טראָגט דעם נאָמען מגלת „אסתר" און ניט מרדכי, און מען לייענט עס יעדען פורים אין שוהל.

די אידישע לעהרע האָט קיינמאָל ניט דיסקרימינירט געגען דער פרוי, און אפילו זיי ניט געשטערט אין זייערע פּאָליטישע אַספּיראַציעס. לויט ביבלישע קוועלען האָבען די פרויען זיך אַק־טיוו באַטייליגט אין אידישען לעבען און האָבען אפילו פאַרנומען הויכע פּאָזיציעס. אַזוי, צום ביישפיל, איז מרים הנביאָה, משה

רבינו'ס שוועסטער, געוועזן די פיהרערין פון די פרויען ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים. און אין דער מדבר, זאגען דאך אונז די חכמים, האבען די אידען געהאט וואסער בלויז אין מרים'ס זכות. נאכמעהר, די אידישע לעהרע באטראכט די „נשים צדקניות" — די פרומע פרויען — אלס איינע פון די אורזאכען א דאנק וועלכע די אידען זיינען באפרייט געווארען פון דער עגיפטישער קנעכטשאפט. און דבורה הנביאה איז ניט נאר גע־ווען א ריכטערין, אן אמט אזוי הויך ווי היינט קעניג אדער א פרעזידענט, נאר זי האט אפילו געטראגען דעם טיטול „א מוטער אין ישראל".

אויסער דבורה'ן זיינען געווען נאך זיבען פרויען, וועלכע האבען געטראגען דעם טיטול „נביאה". ביי קיין שום פאלק אין אלטערטום האבען פרויען ניט דערגרייכט אזא הויכע שטופע. חנה, די העלדישע מוטער פון די זיבען זיהן, וועלכע האבען בא־צאהלט מיט זייערע לעבענס פאר ניט דינען צום אפגאט, ווערט גלאריפיצירט אין אונזער ליטעראטור. יהודית, וועלכע האט גערעטעוועט די שטאדט ירושלים פון שונא'ס האנט, ווערט אויך גלאריפיצירט אין דער אידישער ליטעראטור. זייערע נעמען זיי־פאראייביגט געווארען אין קאלירפולע לעגענדעס. רחל, די טאכ־טער פון דעם רייכען כלבא שבוע און די פרוי פון רבי עקיבא, ווערט געשילדערט אין דער אידישער ליטעראטור ווי א מוסטער פון אידעאליזם פון א פרוי, וועלכע איז גרייט מקריב צו זיין א לוקסוסדיגען לעבען און ליידען הונגער און נויט, אבי נאר צו העלפען איהר מאן דערגרייכען און שטייגען העכער און העכער. די יונגע שעהנע רחל האט זיך פארליבט אין דעם אומוויסענדען פאסטוך עקיבא און דערפאר האט איהר פאטער זי ארויסגעטרי־בען פון הויז. איז זי געשלאפען אין שייערען אנשטאט אין איהר לוקסוסדיגען שלאף-צימער. זי האט פארקויפט איהרע שעהנע צעפ און געהאלפען איהר מאן פארפולקאמען זיין שטודיום. און ווען רבי עקיבא איז ענדליך צוריקגעקומען אהיים אלס דער

גרויסער תנא, האָט ער געזאָגט: „אַלץ וואָס איך בין, האָב איך צו פֿאַרדאַנקען מיין פֿרוי".

מיט ערהאבענעם שטאָלץ רעדט אונזער ליטעראַטור פֿון ברוריה, די באַריהמטע פֿרוי פֿון רבי מאיר, וועלכע האָט „שטענ־דיג געעפֿענט איהר מויל מיט חכמה". די חכמים האָבען אפילו אָנגענומען איהרע אַ מיינונג בנוגע אַ געווויסען ענין. אַז די אידי־שע עטיק דיפֿערענצירט ניט צווישען מאַן און פֿרוי, קען מען אַמבעסטען זעהן פֿון דעם אימפּעראַטיווען פּרינציפּ, אַז „אַ מענש איז מחויב צו לערנען זיין טאָכטער תורה".

אַזוי הויך שעצט די אידישע עטיק די פֿרוי, אַז זי שרייבט צו צו דער פֿרוי אַ העכער פּסיכאָלאָגיש פֿאַרשטענדעניש פֿון דעם מאַן, באַרמהערציגקייט און אַנדערע פֿיינע און איידעלע אייגענ־שאַפֿטען.

די רעכט, וועלכע די אידישע לעהרע גיט דער פֿרוי, באַשטעהט ניט בלויז פֿון צופֿעליגע, איינצעלנע, איזאָלירטע גע־באָטען, נאָר עס איז באַזירט אויף סיסטעמאַטישע, רעגולירטע פּרינציפּען און געזעצען. די אידישע פֿרוי הויבט אָן באַזיצען דאָס רעכט פֿון פּערזענליכער פֿרייהייט שוין אַלס יונג קינד. אַזוי שנעל ווי אַ מיידעל ווערט אַלט צוועלף און אַ האַלב יאָהר, פֿאַר־לירט איהר פֿאָטער דאָס רעכט איבער איהר פּערזאָן און אייגענ־טום. אַז אַ אידישע טאָכטער האָט דאָס רעכט זיך אַליין אויס־צואוועהלען איהר באַשערטען ווערט שוין אָנגעווינקען אין דער תורה.

אין דער צייט ווען די אידישע לעהרע קריטיקירט ביטער די „שלעכטע" פֿרוי און געהט אפילו אַזוי ווייט און זאָגט „ליבער אַלע אומגליקען איידער אַ שלעכטע פֿרוי", איז זי אָבער זעהר גרויסמוטיג אין לויבען די אייגענשאַפֿטען פֿון דער „אשת חיל" — פֿון דער ווירדיגער פֿרוי — און באַטראַכט די הייראַט מיט אַ טוגענדהאַפֿטער פֿרוי אַלס דאָס גרעסטע גליק. זאָגען דאָך די

חכמים „רייך איז יענער, וועלכער האָט אַ פרוי וועמענס טאַטען זיינען נאָבעל".

די אידישע עטיק פאָדערט דורכאויס, אַז אַ ווייב זאָל רעס־פּעקטירט ווערען אויף דעם גרעסטען און העכסטען אופן. אויב אַ ווייב פאַרדינט עס, מוז דער מאַן זי באַטראַכטען פאַר זיין גלייכען. זי איז באַרעכטיגט צו אַלץ גלייך מיט איהם. דער תלמוד׳ישער פּרינציפּ זאָגט: „די פרוי שטייגט העכער מיט דעם מאַן, אָבער ניט נידעריגער". אָט דער העכסט הומאַניטאַרער פּרינציפּ איז שוין אַלט אַן אַנדערטהאַלבען טויזענט יאָהרהונדער־טער, אָבער די ניט־אידישע פרוי מוז נאָך היינט צו טאָג, אפילו אין די אַזוי גערופענע „פאָרטגעשריטענע" לענדער, קעמפען פאַר גלייכבאַרעכטיגונג.

די אידישע עטיק פאָדערט פון דעם מאַן צו באַזאָרגען די פרוי מיט אַלץ. די רעכט פון דער אידישער פרוי זיינען אַזוי ברייט, אַז זי קען אפילו פאָדערען אַ גט אין פאַל פון דעם מאַנ׳ס אימפּאָטענץ, קרעץ, גרויזאַמקייט, שמד, אויסגעלאַסענקייט, ווען ער זאָגט זיך אָפּ זי צו ערנעהרען, און אפילו ווען ער האַנדעלט מיט זאַכען וועמענס גערוך זי קען ניט פאַרטראָגען. אזוי גלאָרי־פּיצירט ווערט די אידישע פרוי, אַז די אידישע עטיק הייסט דעם מאַן ער זאָל זי ליבען ווי זיך אַליין און רעספּעקטירען מעהר ווי זיך אַליין. פאַר האַלטען בכבוד זיין טוגענדהאַפטע פרוי, ווערט דער מאַן געבענשט ווערען מיט רייכטום. נאָכמעהר, די אידישע לעהרע געהט אַזוי ווייט און זאָגט „דער וועלכער האָט ניט קיין ווייב, ווייסט ניט וואָס פרייד איז, וואָס ליבע איז, וואָס חכמה איז, ער האָט ניט קיין שוץ, קיין פרידען, קיין ברכה, קיין גוטס, ווייל אַ טוגענדהאַפטע פרוי איז דאָס גליק פון דעם מאַן". דער אי־דישער באַגריף וועגען הייראַט איז אַ העכסט מאָדערנער. די אידישע לעהרע אַנטמוטיגט אויסדריקליך בלינדע אונטערטעניג־קייט און באַהויפּטעט, אַז אַ דויערהאַפטע, גליקליכע פאַרוואַנד־

שאַפט קען זיין געבויט בלויז אויף ליבע. די אידישע לעהרע האַלט, אַז די פרוי איז ניט דעם מאַנ'ס שקלאַף, נאָר אַ העלפער.

אפילו די שוואַכע זייט פון דער פרוי ווערט אין דער אידישער עטיק אויסגענוצט צו איהר גונסטען. נעמענדיג אין אנבאַטראַכט די שוואַכקייט פון דער פרוי, ראַט אונז די אידישע לעהרע זי ניט צו ערגערען, ווייל „איהרע טרעהרען פליסען לייכט".

די גאַטספאַרכטיגע פרוי פאַרנעמט אַ זעהר אָנגעזעהענעם אָרט אין דער אידישער עטיק. דאַס גליק פון דער גאַנצער פאַמיליע איז אין איהרע הענט. „אַ דאַנק דער פרוי איז דאָס הויז געבענטשט, גאָט'ס ברכות ווענדען זיך אין איהרע מעשים". אויך די פּאָזיציע פון דער אידישער מוטער איז גאָר הויך. די אידישע עטיק באַשטעהט דורכאוים, פאָדערט אין די שאַרפסטע ווערטער, און באַטראַכט עס אַלס קאַטעגאָרישען אימפּעראַטיוו אַז דאָס שטאַרקע געשלעכט זאָל באַהאַנדלען מיט דער גרעסטער איידעלקייט און רעספּעקט דאָס שעהנע געשלעכט. און ווי ווייט די טוגענדהאַפטע אידישע פרוי ווערט רעספּעקטירט, קען מען אַמבעסטען זעהן פון דעם באַריהמטען קאַפּיטעל פון משלי, וואָס גלאָריפיצירט די אידישע „אשת חיל", וואָס דער מאַן זינגט יעדען פרייטאָג צו נאַכטס נאָך דעם אַ היים קומען פון שוהל לכבוד זיין פרוי:

*) אַן אשת-חיל ווער קען געפונען ?  
און העכער פון פערל איז איהר ווערט.  
דאָס הארץ פון איהר מאַן פאַרזיכערט זיך אויף איהר,  
און איהם פעהלט ניט קיין איינקום.  
זי טוהט איהם גוט'ס און ניט שלעכטס,  
אַלע טעג פון איהר לעבען.

---

*) איבערזעצונג פון יהואש.

זי זוכט אויף וואָל און פלאַקס,
און אַרבעט מיט איהרע וויליגע הענט.
זי איז אַזוי ווי די האַנדעל-שיפען,
פון דער ווייטען ברענגט זי איהר ברויט.
און זי שטעהט אויף ווען נאָך נאַכט,
און גרייט צו שפייז פאַר איהר הויז-געזונד,
און די אויסקומעניש פאַר איהרע דינסט-מיידלעך.
זי פערטראַכט א פעלד, און קויפט עס,
פון דער פרוכט פון איהרע הענט פלאַנצט זי
אַ וויינגאָרטען.
זי גורט אָן מיט קראַפט איהרע לענדען,
זי מערקט אַז איהר פאַרדינסט איז גוט;
און זי שטאַרקט איהרע אָרעמס.
ניט פאַרלאָשען ביינאַכט ווערט איהר ליכט.
איהרע הענט לעגט זי צום שפינראַד,
און איהרע האַנטפלעכען האַלטען דעם שפינדעל.
איהר האַנטפלאַך שפרייט זי אוים צום אָרעמאַן
און איהרע הענט שטרעקט זי אוים צום אביון.
זי האָט ניט מורא וועגען איהר הויז-געזונד פאַר שניי,
וואָרום איהר גאַנץ הויז-געזונט איז אָנגעטאָן אין
רויט-געוואַנט.
דעקען מאַכט זי זיך,
פיינליינען און פורפור איז איהר מלבוש.
באַקאַנט אין די טויערען איז איהר מאַן,
ווען ער זיצט מיט די עלטסטע פון לאַנד.
אַ ליינענטוך מאַכט זי און פאַרקויפט,
און גאַרטלען שטעלט זי צו דעם האַנדעלסמאַן.
שטאַרקייט און שעהנקייט איז איהר מלבוש,
און זי לאַכט פון שפּעטערדיגען טאָג.
איהר מויל עפענט זי מיט חכמה,

און די לערנונג פון גענאָד איז אויף איהר צונג.
זי קוקט נאָך דעם גאַנג פון איהר הויז,
און זי עסט ניט דאָס ברויט פון פוילקייט.
איהרע קינדער שטעהען אויף און לויבען זי,
איהר מאַן — און ער ריהמט זי:
„פיל טעכטער האָבען אויפגעטאָן בריה'שאַפט,
אָבער דו שטייגסט זיי אַלע אַריבער".
חן איז אַן אָפּנאַר, און שעהנקייט איז נישטיג,
אַ גאָטספאָרכטיגע ווייב, זי זאָל געריהמט ווערען.
גיט איהר פון דער פרוכט פון איהרע הענט,
און זאָלען איהרע מעשים זי ריהמען אין די טויערען.

# דעמאָקראַטיע

אין די טאָטאַליטאַרע און דיקטאַטאָרישע לענדער פאַרנעמט די פּערזענליכקייט פון דעם איינצעלנעם מענשען, אַלס אַזעלכער, קיין שום פּלאַץ ניט. דער יחיד ווערט באַטראַכט ניט מעהר ווי אַ שרייפעל אין דער קאָלאָסאַלער שטאַאַטס־מאַשין. ער איז געבוירען געוואָרען און עקזיסטירט בלויז צוליב דעם צוועק צו דינען דעם שטאַאַט, אָדער בעסער געזאָגט, דער דיקטאַטאָרישער טיראַני. דאַגעגען אין די דעמאָקראַטישע לענדער, פאַרנעמט די פּערזענליכקייט פון דעם אינדיווידואום אַ גאָר וויכטיגען אָרט. נאָכמעהר, די רעגירונג איז דער דינער פון דעם בירגער. דער שטאַאַט באַמיהט זיך אפילו, אָדער דאַרף זיך באַמיהען, איהם צו העלפען זיך אויסלעבען אויף אַן אנגענעהמען שטייגער. די רעגירונג איז אין דינסט פון דעם בירגער, און איהר אויפגאַבע איז צו שאַפען פאַר איהם גינסטיגע באַדינגונגען, אַזוי אַז ער זאָל קענען פיהרען אַן אַלטעגליך באַקוועם לעבען, רעליגיעז, מאָראַליש, קולטורעל, עטיש, סאָציאַל און עקאָנאָמיש. דער שטאַאַט אַליין, איז אויף דער וואַך צו שיצען דאָס רעכט פון יעדען איינצעלנעם בירגער זיך אויסצולעבען לויט זיין האַרצענ׳ס פאַרלאַנג, אויב נאָר ער שטערט ניט און שאַדט ניט די אינטערעסען פון דעם מיט־מענשען, און עס איז אין די געזעצען פון דעם לאַנד, וועלכע דער אינדיווידואום אַליין איז אינסטרומענטאַל אין העלפען שאַפען.

אין דער צייט ווען אפילו היינט צו טאָג, אין דעם אַזוי גערופענעם ציוויליזירטען צוואַנציגסטען יאָהר הונדערט, זיינען פאַראַן „קולטורעלע״ פעלקער, וועלכע מעסטען דעם אינדיווידואום׳ס עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג לויט זיינע פעהיגקייטען צו

דינען דעם שטאַאַט, האָט די אידישע עטיק פון שטענדיג אָן באַ־טראַכט דעם יחיד׳ס עקזיסטענץ אַלס אַן אַבסאָלוטע באַרעכטי־גונג אַן און פאַר זיך. נאָכמעהר, די אידישע עטיק באַטראַכט דעם אינדיווידועלען מענשען׳ס לעבען ממש פאַר הייליג. דער תלמוד האָט שוין אַוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ „כל המקיים נפש אחת... כאילו קיים עולם מלא... לפיכך כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם" — ווער עס האַלט אויף איין מענשענ׳ס לעבען איז פּונקט ווי ער וואָלט אויפגעהאַלטען אַ גאַנצע וועלט. דערפאַר איז יעדער איינער פאַרפליכטעט צו זאָגען „די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען פון מיינעטוועגען". די אידישע עטיק באַהויפּטעט אויסדריקליך, אַז יעדער איד איז קוואַליפיצירט צו טראָגען די קעניגליכע קרוין.

ניטאָ אַ פאָלק אין דער גאַנצער וועלט וועמענס עטיק זאָל אַוועקשטעלען דעם איינצעלנעם, דעם פאָלקס־מענש, אויף אַזאַ הויכען פּעדעסטאַל. אָט דער דאָזיגער פּרינציפּ וועלכער באַצייכענט דעם מענשען אַלס דעם צוועק פון דער וועלט־שאַפונג, און אַז דער גאַנצער אוניווערס מיט אַלץ וואָס געפינט זיך אין איהם, איז באַשאַפען געוואָרען נאָר צוליב איהם — אַ באַהויפּ־טונג מיט וועלכער קיין פאָלק אין דער וועלט קען ניט שטאָלצי־רען — אונטערשטרייכט אַם קלאָהרסטען די אידישע אָפּאָזיציע, די געגענשטעלונג פון דער אידישער עטיק צו טאָטאַליטאַריטעט, דיקטאַטור, טיראַני און אַלע אַנדערע פאָרמען פון אויטאָקראַטיע.

די אידישע דעמאָקראַטיע הויבט זיך אָן מיט גאָט אַליין. די אידישע עטיק דערצעהלט אונז, אַז ווען גאָט האָט געהאַלטען ביים שאַפען די וועלט, האָט ער פריהער געפרעגט אַלע זאַכען צי זיי ווילען באַשאַפען ווערען, און זיי טאַקע ניט באַשאַפען ביז זיי האָבען צוגעשטימט. אָט די קאָלאָסאַל־וויכטיגע באַהויפּ־טונג אונטערשטרייכט זעהר קלאָהר די ממש הייליגע באַציהונג פון דער אידישער עטיק צו דער מיינונג פון דעם צווייטען, אפילו ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ טובה טהון.

דאָס אידישע פאָלק איז אָרגאַניזירט געוואָרען אויף דעמאָק־ראַטישע יסודות. אויך דאָס וואהל־סיסטעם איז ניט קיין פּראָ־דוקט פון דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע. משה רבינו האָט עס שוין פּראַקטיצירט. ווען ער איז באַפוילען געוואָרען פון גאָט צו באַשטימען זיבעציג פיהרער פון די צוועלף שבטים, האָט ער זיך געפונען אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע. זאָל ער באַשטימען זעקס פון אַ שטאַם, וועלען דאָך זיין צוויי און זיבעציג. זאָל ער, ווידער, באַשטימען פון אַ טייל שבטים צו פינף און פון אַ טייל צו זעקס, וועט עס דאָך ניט זיין דעמאָקראַטיע נאָר דיסקרימי־נאַציע. האָט ער באַשטימט צוויי און זיבעציג קאַנדידאַטען, זעקס פון יעדען שטאַם, און ער האָט גענומען צוויי און זיבעציג צעטעלעך. אויף יעדען איינעם פון די זיבעציג צעטעלעך האָט ער אויפגעשריבען דאָס וואָרט „זקן” און צוויי צעטעלעך האָט ער געלאָזט ליידיג. די וועלכע האָבען אַרויסגעצויגען די ליידיגע צעטעלעך, זיינען ניט באַשטימט געוואָרען אַלס פיהרער. עהנ־ליכע דעמאָקראַטישע מעטאָדען האָט ער אָנגעווענדעט אין אַנ־דערע פאַלען.

די אידישע עטיק לערענט אונז, אַז דער מענש, די קרוין פון דער וועלט־שאַפונג, טאָר ניט אונטערדריקען דעם מיט־מענשען. פּונקט ווי עס טאָר ניט זיין קיין דיקטאַטאָר אין דעם ברייטען זין פון וואָרט, אַזוי טאָר אויך קיין שום אינדיווידואום זיך ניט פיה־רען דיקטאַטאָריש אין באַשרענקטען זינען. מיט דער זעלבער שאַרפקייט מיט וועלכער די אידישע עטיק ווערט זיך געגען אַ דיקטאַטאָרישער מאַכט פון אַ לאַנד, מיט דער זעלבער אויסגע־שפּראָכענקייט איז זי געגען דיקטאַטור אויף אַ קלענערען מאַס־שטאַב. די אידישע עטיק דולדעט ניט קיין דיקטאַטור אין אַ גע־ריכט, אין דער געמיינדע, אין ענגען פאַמיליען־קרייז און אַזוי אויך ניט אין אַלע אַנדערע צווייגען פון דעם אידישען לעבען. די, וועלכע מיינען, אַז דער פּרינציפּ „מאַיאָריטעט רעגירט” איז אַ פּראָדוקט פון דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע, האָבען במחילה

אַ גרויסן טעות. די תורה אַליין האָט שוין אוועקגעשטעלט דאָס געזעץ פון „אחרי רבים להטות" (די מערהייט רעגירט). נאָכמער, אויף אַ גוטען אורטייל איז גענוג די מערהייט פון איין מענשען, דאַגעגען אָבער, אויף אַן אומגינסטיגען אורטייל מוז מען האָבען אַ מערהייט פון צוויי. אָדער, אויב, צום ביישפּיל, עלף געפונען איינעם אומשולדיג און עלף געפונען איהם שולדיג און איינער זאָגט אַז ער ווייסט ניט, ער קען ניט באַשליסען, איז דער אורטייל „אומשולדיג". ווען עס איז פאַראַן אַ מיינונגספאַרשידענהייט צווישען אַ יחיד און אַ רבים, איז אפילו ווען אַ בת-קול רופט אויס, אַז די הלכה איז ווי דער יחיד, רעכענט מען זיך ניט מיט דעם בת קול. קיין שום דעמאָקראַטיש פאָלק, זינט די וועלט שטעהט ביז היינט צו טאָג, האָט ניט אַזוי שאַרף אויסגעדריקט די וויכטיגקייט פון „מערהייט רעגירט" ווי אונזער עטיק האָט עס געטאָן שוין מיט טויזענטער יאָהרען צוריק.

די אידישע עטיק איז אויסדריקלעך געגען „קבלו דעתי" (דו מוזט מיך פאָלגען). איין געריכט האָט ניט דאָס רעכט צו אַנולירען דעם אורטייל פון אַן אַנדער געריכט, סיידען עס איבערשטייגט אין חכמה און איז גרעסער אין צאָהל. האָט טאַקע דער תלמוד באַשטימט דעם קאַרדינאַלען פּרינציפּ „יחיד ורבים הלכה כרבים" — ווען עס איז פאַראַן אַ מיינונגס-פאַרשידענהייט צווישען אַ מינאָריטעט און אַ מאַיאָריטעט, איז דער באַשלוס ווי די מערהייט. דער פּרינציפּ „זיל בתר רובא", אָדער „בתר רובא אזלינן" (מיר געהן נאָך דער מערהייט) איז איינער פון די הויפּטזיילען אין דער תלמוד'ישער ליטעראַטור. עס זיינען פאַרשטעהט זיך, פאַראַן אויסנאַמען אין וועלכע, און אונטער געוויסע אומשטענדען, דער דאָזיגער פּרינציפּ ווערט ניט אַנגעווענדעט, אָבער ווי זאָגט מען, „די אויסנאַהמע באַשטעטיגט די רעגעל".

נאָך שטאַרקער איז דער „מערהייט רעגירט"-פּרינציפּ אויסגעדריקט אין דער אידישער עטיק אין דער קורץ-געפאַסטער אָבער פיל זאָגענדער באַהויפּטונג „בטל יחיד במעוטו" (די מינ-

דערהייט ווערט אויפגעלייזט אין איהר ווייניגקייט). איהר וויג־ציגקייט איז איהר מאַכטלאָזיגקייט. אויף ווי ווייט דער מער־הייטס־פּרינציפּ שפּילט אַ ראָל אין דער אידישער עטיק, קען מען זעהן פון פאָלגענדעס: „נפק לוי דרשה משמיה דרבי ולא קלסוה, משמיה דרבים וקלסוה" — לוי האָט געזאָגט אין נאָמען פון רבי האָט מען ניט אָנגענומען, אָבער ווען ער האָט די זעלבע זאַך געזאָגט אין נאָמען פון אַ מאַיאָריטעט, האָט מען אַפּלאָדירט. רבי איז דאָך געווען דער נשיא, און ער איז באַקאַנט אַלס רבי הקדוש, און ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער משנה, פונ־דעסטוועגען ווען לוי האָט געזאָגט אין זיין נאָמען, האָט עס ניט געהאַט די נויטיגע אויטאָריטעט. קוים אָבער האָט ער דאָס זעל־בע ווידערהאָלט אין נאָמען פון אַ מאַיאָריטעט, האָט עס געהאַט די נויטיגע אויטאָריטעט.

די חכמי התלמוד זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז דער דאָזיגער פּרינציפּ זאָל אָפּגעהיט ווערען, אפילו ווען אַ פּערזענליכע מיינונג איז געשטאַנען אין קאָן. ווען רבי שמעון בן יוחאי האָט איינעם געפרעגט פאַרוואָס ער טוהט אַ געוויסע זאַך, און יענער האָט איהם געענטפערט: „דו אַליין האָלטסט דאָך אַזוי", האָט איהם רבי שמעון געענטפערט: „מיינע חברים קרי־גען אויף מיר, און זיי זיינען די מערהייט". און עס זיינען פאַראַן פיל עהנליכע ביישפּילען אין דער אידישער ליטעראַטור. ווי זאָגט דאָס תלמוד'ישע ווערטעל: „תרי אודי יבישי וחד רטיבא, אוקידו יבישי לרטיבא" — צוויי טרוקענע גליאָוניעס און איינע אַ נאַסע, פאַרברענען די טרוקענע די נאַסע. אין אַנדערע ווער־טער מיינט עס: די מערהייט איז שטאַרקער.

די אידישע עטיק לערענט אונז, אַז קיין אינדיווידועלער מענש טאָר ניט אַרויפצווינגען אויף דעם צווייטען קיין שום האַנדלונג געגען דעם צווייטענ'ס ווילען, אפילו ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ מצוה. „הכופה אשתו לדבר מצוה הוויין לו בנים שאינם מהוגנים". — ווער עס צווינגט זיין פרוי צו טהון אַ מצוה,

וועט האָבען אומגעראַטענע קינדער. אָט די שלאָגענדע באַהויפּ־טונג אילוסטרירט קלאָהר מיט וועלכער ערנסטקייט און אויפ־ריכטיגקייט די אידישע עטיק זוכט איינצואוואָרצלען און צו פאַר־שפּרייטען דעם דעמאָקראַטישען גייסט. נאָכמעהר, אפילו דער קעניג אַליין מוז זיך אונטערוואַרפען דעם דעמאָקראַטישען פּרינ־ציפּ. דער קעניג אגריפּס האָט אַמאָל באַפוילען דעם כהן גדול, אַז ער וויל מקריב זיין אין אַ געוויסען טאָג טויזענט קרבנות און קיינער זאָל אין יענעם טאָג ניט מקריב זיין. איז אָבער געקומען אַן אָרימאַן מקריב זיין צוויי טויבען. האָט זיי דער כהן מקריב געווען נאָך פאַר אגריפּס׳ס קרבנות, ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער איז געווען קעניג און וואָס זיין קרבן איז באַשטאַנען פון טויזענט קרבנות.

אָבער ניט נאָר באַוואָרענט און באַשיצט די אידישע עטיק דעם אינדיווידואום, נאָר זי נעמט אונטער איהרע פליגעל אויך דעם קאָלעקטיוו — דעם גאַנצען כלל. און דאָס איז דאָך די לאָ־גישסטע קאָנסעקוועניץ. אויב דאָס רעכט, דאָס לעבען און די מיי־נונג פון דעם איינצעלנעם מענשען איז טייער און מוז באַשיצט ווערען, מוז דאָך דאָס רעכט, די מיינונג און דאָס לעבען פון דעם כלל, וועלכער באַשטעהט דאָך פון אינדיווידואום׳ס, געווים באַ־שיצט ווערען. שטעלט טאַקע אַוועק די אידישע עטיק דעם פּרינציפּ, אַז די פיהרערשאַפט מוז באַשטעהן פון צוויי. אין דער מאָדערנער טערמינאָלאָגיע באַצייכענט מען עס אַלס פּרעזידיום. פאַרשטעהט זיך, אַז עס מוז זיין אַ פיהרערשאַפט, וועלכע איז צו־געפּאַסט פאַר דעם הויכען, וויכטיגען און פאַראַנטוואָרטליכען אמט. נאָכמעהר, מען טאָר ניט באַשטימען אַ פיהרערשאַפט סיי־דען מען באַראַט זיך פריהער מיט דעם צבור. די פיהרער טאָרען, פאַרשטעהט זיך, ניט אויסנוצען זייער מאַכט און מוזען זיך רע־כענען מיט דער מיינונג פון די מאַסען. עס איז אַ קאַרדינאַלער פּרינציפּ אין דער אידישער עטיק אַז מען טאָר ניט פאָדערען פון די מאַסען אַ זאַך, וועלכע זיי קענען ניט נאָכקומען. מען טאָר ניט

גוזר זיין קיין גזרה אויף דעם צבור, סיידען די מאיאָריטעט קען אויסהאַלטען די גזרה.

דורך אַלע דורות זיינען פיהרער ביי אידען געווען געוועהנליך גע־ווען תלמידי חכמים. ווען מען קוקט זיך צו אין לעבען, זעהט מען, אז אָפטמאָל גערעטען ניט קינדער פון די תלמידי חכמים אין זייערע טאַטעס. זאָגט אונז די אידישע עטיק, אז דאָס איז דערפאַר כדי זיי זאָלען זיך ניט אויפפיהרען מיט איבערטריבענער דרייסטקייט געגען די מאַסען. עס זאָל זיך ניט שאַפען אַ מין דינאַסטיע וואָס ווערט אַ מין אויטאָקראַטיע, וועלכע קען לייכט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ דיקטאַטור. אָט דאָס ווייזט ווידער־אַמאָל מיט וועלכער אינטענסיטעט די אידישע עטיק זוכט איינ־צופלאַנצען דעם פרינציפ פון דעמאָקראַטיע אין דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם אידישען פאָלק.

אַלזאָ, דער אידישער באַגריף פון „מערהייט רעגירט" איז שוין אַזוי אַלט ווי די וועלט־שאַפונג אַליין, און ביי דער פאָרמי־רונג פון דער סאַמע ערשטער פיהרערשאַפט, ביי דעם וויגעלע פון דער ערשטער רעגירונג פון דעם אידישען פאָלק, איז שוין פראַקטיצירט געוואָרען דאָס דעמאָקראַטישע וואַהל־סיסטעם.

# קריג און פרידען

קנאַפּע זעקס יאָהר האָט געדויערט דער בלוטיג-ביטערער קריג געגען דעם פינסטערען פאַשיזם. מיליאָנען יונגע לעבענס זיינען אומגעקומען אויף די שלאַכטפעלדער, פאַרשלונגען געוואָרען פון די אָפּגרונטען פון אַלע ימים און אָקעאַנען, און איבערגעלאָזט נאָך מעהר מיליאָנען אלמנות און יתומים. מיליאָנען אומשולדיגע ציווילע מענשען זיינען יאָהרען לאַנג געפּייניגט געוואָרען אויף די ווילד-באַרבאַרישסטע, ממש אומגלויבליכסטע אופנים, און ערשט דאַן געטויט געוואָרען מיט די בעסטיאַל-אַכזריות׳דיגסטע מעטאָדען. טויזענטער שטעדט און דערפער זיינען אַוועק מיט דעם רויך צוזאַמען מיט אומציילּיגע פון זייערע איינוואוינער. אומציילּיגע ביליאָנען זיינען פאַרשוועדעט געוואָרען אויף צו מאָרדען וואָס מעהר מענשען. הונדערטער ביליאָנען זיינען געזונקען געוואָרען אין די טיפענישען פון אַלע אָפּגרונטען.

אָבער וואָס איז מכח דעם פרידען? געוואונען אַ מלחמה און ניט געוואונען דעם פרידען, מיינט איינפאַך, אַז דער ערשטער אַקט פון דער מלחמה איז געענדיגט, און מען דאַרף זיך ריכטען אויף דעם צווייטען. אַט זיצען שוין איבער אַ יאָהר די פאַר-שטעהער פון די זיגער-לענדער, מען פּשט׳עלט זיך, מען חקירה׳ט און מען האַלט זיך אין איין אַרומרייסען, מען קען זיך פּשוט ניט איינטיילען מיט גאָט׳ס וועלטעל און מיט דער הערשאַפט. דער גמרא-כלל „מי שיש לו מנה רוצה מאתים" גילט אויך אויף רע-גירונגען. בעת אַ טייל זיגער ווילען טאַקע וואָס מעהר פון דעם באַזיגטען לאַנד, וואָס מעהר קאָנטריבוציע, ווילען אַלע וואָס מעהר „איינפלוס". און איין גאָט ווייסט צי דער שלום, אַן אמת׳ער,

עהרליכער, אויפריכטיגער, דויערהאַפטער שלום וועט פאַרווירק־
ליכט ווערען אין אונזערע לעבענס־צייטען.

אָבער ווי עס זאָל זיך ניט מאַכען, איז כדאי צו זעהן ווי די
אידישע לעהרע פאַסט אויף דעם באַגריף „שלום", וואָס פאַר אַן
אָרט פאַרנעהמט „שלום" אין דער אידישער עטישער און רעלי־
גיעזער ליטעראַטור.

קריג אין דעם באַשרענקטען זינען פון וואָרט איז שוין אַזוי
אַלט ווי די מענשהייט אַליין. ווען אויף דער גאַנצער וועלט
האָט זיך געפונען בלויז איין פאַמיליע, עלטערען מיט צוויי זוהן
(אדם, חוה, קין און הבל), האָט שוין איין ברודער געטויט דעם
צווייטען.

מלחמה אין דעם ברייטערען זין פון וואָרט, מלחמה צווישען
פעלקער, איז שוין אויך אַלט טויזענטער יאָהר. שוין אין די ציי־
טען פון אברהם אבינו האָט כדרלעומר מיט זיינע אַליאירטע גע־
פיהרט קריג מיט דעם קעניג פון סדום און זיינע סאַטעליטען. און
זינט דאַן ביז היינט צו טאָג איז ניט אַוועק קיין איין דור, אַז ער־
גענץ וואו אויף דער וועלט זאָל ניט פאָרקומען איינע אָדער מע־
רערע מלחמות.

און מלחמה, אין וועלכען וועלט־טייל זי זאָל ניט פאָרקומען,
מיינט ניט שרעק, ליידען, וואונדען און טויט בלויז פאַר דעם סאָל־
דאַט אויף דעם שלאַכטפעלד. מלחמה איז טויזענט מאָל שרעק־
ליכער און גרויזאַמער פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג. מלחמה
מיינט ניט בלויז ביקס און קאַנאָן, עס מיינט שרעקליכער הונגער,
געפעהרליכע קראַנקהייטען, וויסטע מגפות, שרעק, פיין, טויט
און חורבן אין דעם שרעקליכסטען זין פון וואָרט פאַר מיליאָנען
ציווילע מענשען, אַלט און יונג, מאַן און פרוי.

און ווי פּאַראַדאָקסיש עס זאָל ניט קלינגען, איז עס אָבער
דאָך אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז וואָס מעהר די מענש־
הייט ווערט ציוויליזירט, און וואָס גרעסער דער פאָרטשריט פון
דער וויסענשאַפט איז, אַלץ גרויזאַמער זיינען די מלחמות. אַט

לעבען מיר דאָך שוין, ברוך השם, אין אַ צייט, ווען מיט איין אַטאָם-באָמבע קען מען פאַרוויסטען גאַנצע שטעדט און אומברענגען בוכשטעבליך הונדערטער טויזענטער מענשען. און די אַטאָם-באָמבע איז נאָך זיכער ניט דאָס לעצטע וואָרט אויף דעם געביט פון וויסענשאַפטליכע ערפינדונגען. אַט ווייסט מען דאָך, אַז די דייטשע וויסענשאַפטלער האָבען געאַרבייט אויף אַן ערפינדונג צו קענען פאַרברענען אַ גאַנץ לאַנד אין עטליכע געצעהלטע מינוט דורך די שטראַהלען פון דער זון.

איז טאַקע פרידען פון די אַבסאָלוט נויטיגסטע ווינקעלשטיינער אויף וועלכע אַ גליקליך פאַמיליען, געזעלשאַפטליך, נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל לעבען מוז באַזירט זיין. פרידען אין דעם פאַמיליען לעבען אָטעמט מיט צופרידענהייט און גליק. אין געזעלשאַפטליכען לעבען איז פרידען דער פאַרלויפער, וועלכער איז אינסטרומענטאַל אין שאַפען און אין צעמענטירען געגענזייטיגע פריינדליכע באַציהונגען. אין דעם נאַציאָנאַלען לעבען איז שלום אין די אייגענע רייהען און צווישען פאַרטייען דער באַזיס פאַר איינינקייט, און דער פונדאַמענט פאַר אַ רוהיג און אנגענעהם לעבען. און אין אינטערנאַציאָנאַלע באַציהונגען איז פרידען אַ ברכה פאַר דער גאַנצער מענשהייט אין אַלע לעבענספאַזען.

איז קיין וואונדער ניט, וואָס די אידישע לעהרע באַמיהט זיך צו לערנען דעם מענשען די פונדאַמענטאַלע און קאַרדינאַלע וויכטיגקייט פון שלום. אַ גאַר אַלטער מדרש דערקלערט עס מיט אַן עלעמענטאַרען, אָבער גלייכצייטיג אַזוי טיף אמת'דיגען ביישפיל, אַז פונקט ווי אַ בינטעל צוזאַמענגעבונדענע ריטלעך קען דער שטאַרקסטער מענש ניט צעברעכען אין דער צייט ווען איינציגווייז קען עס אפילו אַ קינד באַווייזען, אַזוי אויך דאָרט, וואו עס עקזיסטירט איינינקייט, נעמליך שלום אין דער פאַמיליע, צווישען פריינד, פאָלק און פעלקער, הערשט ערנסטע איבערגעגעבענהייט, פונדאַמענטאַלע שטאַרקייט און אומבאַזיג-

בארע מעכטיגקייט. די חכמים ז"ל פרעגען: „פאַרוואָס איז דער דור המבול אינגאַנצען אָפּגעווישט געוואָרען, און דער דור־הפלגה ניט?" און זיי ענטפערען, ווייל צווישען די מענשען פון דעם דור־המבול איז ניט געווען קיין איינינקייט, קיין שלום, אָבער דער דור־הפלגה האָט זיך געהאַלטען איינס, עס האָט געהערשט שלום צווישען זיי, זיינען זיי איבערגעבליבען.

אויף ווי ווייט וויכטיג די אידישע לעהרע באַטראַכט שלום פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענשהייט, קען מען זעהן דערפון, וואָס די תורה אַליין האָט אין געוויסע פאַלען געענדערט אַן אויס־דרוק אָבי אָנצוהאַלטען דעם שלום צווישען מאַן און ווייב. ווען שרה האָט געהערט ווי דער מלאך זאָגט אברהם'ן, אַז זי וועט גע־בוירען אַ זוהן, האָט זי געלאַכט און געזאָגט: „ואדוני זקן" — און מיין האַר (אברהם) איז שוין אַלט. אָבער אין זיין געשפּרעך מיט אברהם'ן, האָט גאָט באַמערקט, אַז זי האָט געזאָגט „ואני זקנתי" — און איך (שרה) בין אַלט.

ווייסען מיר דאָך, אַז גאָט אַליין האָט מוותר געווען אויף זיין נאָמען, אין פאַל פון אַ סוטה, אָבי אויפצוהאַלטען דעם שלום־בית צווישען מאַן און ווייב. אויף ווי ווייט כביכול אַליין איז גיעריג נאָך שלום, קען מען אַמבעסטען זעהן דערפון, וואָס ער האָט באַ־שאַפען אדם הראשון'ן פון ערדישען מאַטעריאַל און הימלישער מאַטעריע נאָר צוליב דעם עס זאָל הערשען פרידען. נאָכמעהר, דריי מאָל האָט דער אַלמעכטיגער פאַרקוקט די זינד פון דינען די עבודה זרה, אָבער אויף מחלוקת איז ער ניט מוותר. ער האָט אפילו אָנולירט גזרות צוליב שלום. און דער, וועלכער יאָגט זיך נאָך שלום און ער טהוט תפלה צו גאָט, קעהרט זיך זיין געבעט נישט אום ליידיג. ווען גאָט האָט געגעבען די אידען די תורה, האָט ער זיי געבענשט מיט שלום. און די גאַנצע תורה איז גע־געבען געוואָרען בלויז צוליב שלום. די ברכה פון די כהנים ענ־דיגט זיך מיט שלום, ווארום ברכות העלפען נאָר דאַן ווען זיי זיינען מיט שלום. האָט דאָך דער אויבערשטער אַליין ניט גע־

קענט געפונען קיין בעסערע ברכה פאַר זיין פאָלק ישראל ווי שלום. און אַזוי וויכטיג איז שלום, אַז עס איז איינס פון גאָט'ס נעמען.

אַזוי שטאַרק איז גאָט פאַר שלום, אַז ווען די מלאכים האָבען צו איהם געזאָגט: „רבונו של עולם, ווען דוד המלך וועט קומען און שרייען פאַר דיר פאַרוואָס דו גיסט זיינע פיינד דואג און אחיתופל א חלק אויף יענער וועלט, ווי אַזוי וועסטו איהם באַרו־היגען?" האָט גאָט זיי געענטפערט: „עס איז מיין חוב זיי אי־בערצובעטען און זעהען, אַז זיי זאָלען ווערען גוטע פריינד און ליב האָבען איינער דעם צווייטען".

אהרן האָט געהאָלפען אַרויספיהרען די אידען פון מצרים. ער איז געווען דער וויכטיגסטער כהן גדול; ער איז געווען דער איינציגער, וועלכער האָט געמעגט אַריינגעהן אין קדשי קדשים, אָבער דער גרעסטער שבח וואָס דאָס אידענטום זאָגט איהם נאָך, איז וואָס ער איז געווען אַ „אוהב שלום" און אַ „רודף שלום". און ניט קיין קלענערער ווי הלל הנשיא ראָט יעדען איינעם צו אימיטירען אהרן הכהן'ס נאָבעלע מדה און ליב האָבען פרידען, און זעהן העלפען עס זאָל הערשען שלום. איז דאָך פנחס, אהרן הכהן'ס אייניקעל, ניט אינסטאָלירט געוואָרען אַלס כהן ביז ער האָט געשאַפען פרידען צווישען די שבטים.

לערנען אונז טאַקע די חכמים ז"ל, אַז ווער עס מאַכט שלום צווישען מאַן און ווייב, צווישען איין מענש און דעם אַנדערען, עסט די פרוכט דערפון אויף דער וועלט און דעם „קרן קימת" וועט ער באַקומען אויף יענער וועלט. אַז די חז"ל האָבען פּראַק־טיצירט דאָס, וואָס זיי האָבען געלערענט אַנדערע, קען מען זעהן פון דעם פאָלגענדען: אַ פרוי, וועלכע פלעגט געהן הערען ר' מאיר'ס דרשות, איז אַמאָל אַהיים געקומען שפּעט פון בית המדרש, און איהר מאַן האָט זי ניט געוואָלט אַריינלאָזען אין הויז אַריין ביז זי וועט געהן און אָנשפּייען ר' מאיר'ן אין פנים. ווען ר' מאיר איז דערפון געוואויר געוואָרען, האָט ער זיך באַ־

קלאָגט, אַז ער האָט אויגען־שמערצען און ווען אַ פרוי זאָל איהם „אָפּשפּרעכען" מיט אַ שפּיי אין פּנים, וועט עס איהם העלפען. די פרוי האָט, אַלזאָ, געהאַט אַ גוטע געלעגענהייט צו דערפילען איהר מאַנ'ס פאַרלאַנג, און אַזוי אַרום האָט ר' מאיר געהאָלפען מאַכען שלום צווישען דעם פּאָר פּאָלק. האָט דאָך אַביי אָוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אַז אַ מענש דאַרף שטענדיג זעהן זיך צו באַמיהען צו מאַכען שלום צווישען אייגענע, באַקאַנטע און צווישען ניט־אידען.

געהט טאַקע די אידישע לעהרע אַזוי ווייט און באַהויפּטעט, אַז צוליב שלום וועגען זאָל אַ מענש אפילו ניט זאָגען צו דעם צווייטען „מיין פאָטער איז גרעסער פון דיין פאָטער", ווייל דאָס קען נאָך אַרויסרופען פאַרדרוס און עווענטועל פיהרען צו קריי־געריייען. נאָכמעהר, אויב די גוי'אישע אָרימע לייט קומען אין אי־דישע פעלדער קלייבען פאַרגעסענע, אָדער אין עק־פעלד איבער־געבליבענע זאַנגען (לקט, שכחה, פאה), זאָל מען זיי ניט שטע־רען, און דאָס איז אַלץ בלויז צוליב פרידען.

וואָרום מה דאָך די שטיינער פון דעם מזבח, וואָס הערען ניט און זעהען ניט, האָט די תורה פאַרוועהרט צו קלאַפּען מיט אייזען בלויז דערפאַר, ווייל זיי מאַכען שלום צווישען די אידען און זייער פאָטער אין הימעל, היינט שוין דער, וועלכער מאַכט שלום צווישען מאַן און ווייב, צווישען איין פאַמיליע און דער אַנדערער, צווישען איין שטאָדט און דער אַנדערער, צווישען איין מדינה און דער אַנדערער, צווישען איין פאָלק און דעם אַנ־דערען, וועט דאָך געווים אָפּגעהיט ווערען פון אַלע אומגליקען.

אַ ספּעציעלען געוויכט לעגט די אידישע לעהרע אויף אינ־טערנאַציאָנאַלען פרידען, און דאָס איז דאָך גאַנץ פאַרשטענדליך. עס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז קיין פאָלק אונטער דער זון קען ניט עקזיסטירען אַלס אומאָפּהענגיג פאָלק, פּרע־זערווירען זיינע ספּעציפישע אייגענשאַפטען, פיהרען אַן איי־גענאַרטיגעס לעבען און ניט פאַרשלונגען ווערען פון די אַרומיגע

פעלקער, אויב דער ווינקעלשטיין פון דעם באטרעפענדען פאלק רוהט ניט אויף דעם באזיס פון שלום. א פאלק, וועמענס לעבענס־נערוו פולסירט ניט מיט פרידען־אידעאלען; א נאציע, וועמענס אדערען־בלוט באשטעהט ניט פון שלום־קארפוסעלס, מוז פריהער אדער שפעטער אפגעווישט ווערען פון דעם ערד־קוגעל אלס אזעלכעס. עס מוז פריהער אדער שפעטער פארלירען זיינע ספעציפישע, אייגענארטיגע אייגענשאפטען, און דערמיט אויך זיין עקזיסטענץ אלס פאלק.

עס זיינען אפילו ניט נויטיג קיין געשיכטליכע באווייזען, אז פעלקער אלס אזעלכע זיינען פארשוואונדען געווארען פון דעם ערד־קוגעל אלס רעזולטאט פון זייער מלחמה־דורשט, פון אגרעסיוויטעט, פון וועלען באהערשען די וועלט. איז דאך אונזער דור אן אויגען־עדות, אז אין דעם ערשטען וועלט־קריג האט דייטשלאנד פארלוירען א היבשען טייל פון איהר אימפעריע, און אין דער צווייטער מלחמה האט זי פארלוירען נאך מעהר. און זאל זיך איהר פארגלוסטען א דריטע מלחמה, וועט פון איהר זיכער גאר ניט בלייבען. און דאס זעלבע גילט אויך פאר יאפאן.

איז נאך אין יענע אלטע צייטען, ווען די אזוי גערופענע היינטיגע ציוויליזירטע פעלקער זיינען נאך געווען ווילדע בארבארען, האבען שוין די חכמי התלמוד געמאכט די ווייטזעהענדע באהויפטונג, אז שלום איז איינער פון די דריי זיילען אויף וועלכע די וועלט עקזיסטירט. ווארום „שלום לארץ כשאור לעיסה" — פרידען איז אזוי וויכטיג פאר דעם וואוילזיין פון דער מענשהייט, ווי הייוועז איז נויטיג פאר דעם טייג. האט דאך דער אלמעכטיגער פריהער באשאפען פרידען און ערשט דערנאך די וועלט, ווייל ער האט געוואוסט, אז אהן פרידען קען די וועלט ניט עקזיסטירען. האט דאך די אידישע לעהרע אזוי טיף באגריפען די אומגעהויערע וויכטיגקייט פון שלום פאר דעם וואוילזיין פון דער וועלט, אז זי באהויפטעט, אז גאט האט ניט באשאפען קיין שעהנערע אייגענשאפט ווי פרידען.

דערפאר טאקע, ווארענט די אידישע לעהרע אין די שארפ־סטע ווערטער געגען סכסוכים אין דעם פאמיליען, געמיינשאפט־ליכען, נאציאנאלען און אינטערנאציאנאלען לעבען.

פון דעם רעליגיעזען שטאנדפונקט געהט די אידישע לעהרע אזוי ווייט און באהויפטעט, אז ווען אידען דינען, חס ושלום, די עבודה זרה און עס הערשט שלום צווישען זיי, זאגט כביכול, אז דער שטן קען זיי ניט אנריהרען. זאגען דאך די חז״ל, אז פרידען איז דער זייל פון דער וועלט און פון יענער וועלט. אז שלום איז אזוי וויכטיג ווי די גאנצע וועלט־שאפונג. נאכמעהר, אז שלום איז אזוי גרויס ווי אלע מצוות פון דער תורה. אז אפילו ווען איינער האט געטאהן פיל מצוות, און וועגען שלום האט ער גארניט געטאהן, איז גלייך ווי ער האט גאר ניט געטאהן. די אי־דישע לעהרע שטעלט דעם שלום־מאכער אזוי הויך, אז זי זאגט אונז, אז דער, וועלכער מאכט שלום אויף דער וועלט, איז גלייך ווי ער איז באשאפען אין הימעל.

זיינען מיר אידען שוין פון די גאר אלטע צייטען א פאלק, וואס פארגעטערט ממש פרידען. ווען די אידען זיינען געווען אויף זייער מארש קיין ארץ ישראל און זיי האבען באדארפט דורכגעהן א לאנד, האבען זיי געבעטען דערלויבעניש, און ווען די דערלויבעניש איז זיי ניט געגעבען געווארען, האבען זיי אויפ־געלייגט וועג אבי ניט צו פיהרען קריג. איז דען פאראן א פאלק, וואס בעט אין זיינע תפלות אזוי פיל און אזוי אפט פאר שלום ווי מיר אידען?!

האט טאקע דער האר פון דער וועלט געזאגט: די תורה איז שלום, וועל איך זי געבען צו א פאלק, וואס האט ליב שלום. וואלט שוין טאקע באמת צייט געווען, אז די פעלקער פון דער וועלט זאלען איינמאל פאר אלע מאל איינזעהן, אז קריג מיינט אומ־גליק אין דעם שרעקליכסטען זין פון ווארט, אפילו פאר דעם זיגער, ווייל אויך דער זיגער פארלירט מענשען, האב און גוטס,

און אז שלום איז די גרעסטע ברכה פאר דער מענשהייט, אז אפילו דער ערגסטער שלום איז בעסער פון דעם בעסטען קריג.

איז לאמיר האפען, אז ישעיה הנביא׳ס זעהונג, אז עס וועט קומען א צייט ווען קריג׳ס געוועהר וועט פארנוצט ווערען פאר אגריקולטור-געצייג, און אז די שטארקע וועלען לעבען אין פול-קאמענעם פרידען מיט די שוואכערע, וועט אין דער נאהנטער צוקונפט ווערען א ווירקליכע רעאליטעט.

# ספרים וואָס די אוֹם פּאַבלישינג קאָ. האָט לעצטענס אַרויסגעגעבען



**משניות** מיט **פאַרגרעסערטע** אותיות, מיט די פירושים תפארת ישראל, ברטנורה, עיקר תוספות יום טוב, און מיט די קונטרסים זרע אמונה, דבר בעתו, חוסן רב, אבי עזר, דרוש אור החיים, חומר בקודש, יבקש דעת, מסגרת זהב, אין זעקס פראַכטפולע בענדער, קנאַפע פיער טויזענט זייטען.

**ספרא** (**תורת כהנים**) איינער פון די עלטסטע הלכה'שע מדרשים וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרען פון די תנאים, מיט דעם פירוש פון ראב"ד ז"ל, און מיט דעם מסרת התלמוד.

**פרקי רבי אליעזר** פון דעם תנא רבי אליעזר בן הורקנוס, וועמען די גמרא באַצייכענט אַלס רבי אליעזר הגדול. ער האָט געלעבט מיט קנאַפּע צוויי טויזענט יאָהר צוריק און איז געווען אַ תלמיד פון דעם תנא רבי יוחנן בן זכאי. דער דאָזיגער ספר וועלכער ווערט באַטראַכט ביי אידען אַלס דער ערשטער חיבור וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרען נאָך חתימת התנ"ך, איז אַן הגדה-מדרש ווערק וואָס ערקלעהרט און באַלויכט טיילען פון דער תורה און פאַרשידענע מנהגים און רעגולאַציעס. דער ספר ענטהאַלט דעם פירוש תרד"ל פון גאון ר' דוד לוריא ז"ל און די קונטרסים „עמק הברכה", „שם האחד אליעזר", „בית צדיק", „מבוא".

**אמונות ודעות** פון רבינו סעדיה גאון ז"ל. דאָס איז דער ערשטער ספר וואָס ערקלעהרט סיסטעמאַטיש און פילאָזאָפיש די לעהרעס פון אידענטום.

**מורה נבוכים** פון רמב"ם ז"ל מיט די פירושים „שם טוב", „אפודי", „קרשקש", „אברבנאל", און צום **ערשטען מאָל** איז צוגעגעבען געוואָרען דער באַריהמטער פירוש „ביאור הנרבוני".

**ביאור הנרבוני לספר מורה נבוכים** פון ר' משה הנרבוני ז"ל, אַ ספּעציעלע אויסגאַבע פאַר די יעניגע וועלכע האָבען אַ מורה נבוכים.

**ספר הכוזרי** פון ר' יהודה הלוי ז"ל מיט די פירושים „קול יהודה" און „אוצר נחמד". דער ספר ענטהאַלט אויך: די בריעף פון ר' חסדאי בן יצחק שפרוטא ז"ל צום קעניג פון די כוזרים און דעם קעניג'ס ענטפער צו איהם, אַ „מבוא" וואָס באַלויכט די געשיכטע פון דעם ספר און פון זיין מחבר, די געשיכטע פון די כוזרים, אַ רעגיסטער פון אַלע תנ"ך פסוקים וואָס ווערען דערמאָהנט אין דעם ספר, און ערקלעהרונגען פון פאַרשידענע ווערטער.

**ציון לדרש** פון ר' שרגא פייבש פרענקעל ז"ל ענטהאַלט אַלע מאמרי חז"ל און ווערטלאַך פון תלמוד בבלי און ירושלמי, אַראַנזשירט אַלפאַבעטיש לויט ערכין. מיט דער הילף פון דעם דאָזיגען ספר קען מען לייכט געפונען דעם מאמר וואָס מען זוכט.

**הכתב והקבלה** פון דעם באַוואוסטען גאון ר' יעקב צבי מעקלענבורג ז"ל. דער דאָזיגער ספר איז אַ געניאַלער פירוש וואָס ערקלעהרט די תורה לויט דרש און הלכה און ענטהאַלט אַן אונערשעפּליכען קוואַל פון וויסען.

**שאלות ותשובות עונג יום טוב** אויף אורח חיים, יורה דעה, חושן משפט, אבן העזר, פון דעם באַריהממען גאון ר׳ רפאל יום טוב ליפמן היילפרין זצ״ל.

**חיי היהודי על פי התלמוד** פון ר׳ יצחק סובאלסקי ז״ל איז אַ וואונדערבאַרע באַשרייבונג פון דעם אידענ׳ס לעבען ביי זיך אין הויז און אין גאַס, אין אַרבייט און אין מסחר, אין פעלד און אין קראָם, אין זיין אויפפיהרונג מיט מענ־שען, אין פאַמיליען, געזעלשאַפטליכען און אין אַלע אַנדערע צווייגען פון לעבען. עס איז באַזירט אויף איבער דריי טויזענט צוויי הונדערט מאמרי חז״ל.



**OM PUBLISHING CO.**
**46 Canal Street**
**New York 2, N. Y.**